טייטש

# די נייע מאשין



פארלאג „עמעס" 1935

יאקאָוו טײַטש

# די נײַע מאשינ

דערציילונגענ פאר קינדער





פארלאג „עמעס", מאָסקווע 1935

# די נײַע מאַשין

אַט יענע הויכע פענצטער מיט די בלויע פאַרהענגלעך זײַנען דעם אינזשעניערס פענצטער. בײַ אונדז אין הויז וווינען אַ סאַך אינזשעניערן, אָבער דער איז מיסטאָמע דער גרעסטער: אַלע אינדערפֿרי קומט נאָך אים צו פֿאָרן אַן אויטאָמאָביל! דער שאָפֿער גיט אַ סיגנאַל בײַ דער פּאַראַדנע, עס גייט אַרויס דער אינזשעניער, און אַלע קוקן, ווי ער גייט אַרויס — ניט קיין הויכער, אין אַ קעפּקע, די ברעמען זײַנען אָנגעשטרענגט...

ער איז אַ גומענער אינזשעניער, דאָס הייסט, ער איז אַ ספּעציאַליסט אויף גומי און טראַכט צו פֿאַרשיידענע זאַכן. דעריקער האָט ער צוגעטראַכט שינעס פֿאַר אויטאָמאָבילן, אַזעלכע, וואָס מע קאָן אויף זיי פֿאָרן איבער זאַמד, איבער בלאָטעס, באַרג־אַרויף, אומעטום. די שינעס האָט ער אַ נאָמען געגעבן „סווערכבאַלאָן". אין קאַראַקומער עקספּעדיציע האָבן זיי זיך באַטייליקט. וועגן זיי האָט מען אין די צײַטונגען געשריבן! אַט וואָס פֿאַר אַן אינזשעניערן בײַ אונדז וווינען!

קינדער איז בא אונדז אינ הויף אויך א סאך, דעריקער — עס קומען נאָך פונ שכייניש׳ן הויפ! בא אונדז איז גוטע זאמד אָנגעשאָטן פאר די קינדער, קומען זיי צו אונדז אפן זאמד.

קומט איינמאָל אָט דער אינזשעניער, און די מאשינ איז בא אים ניט קיינ שווארצע, ווי אלעמאָל, נאָר א גרויע, און זי בלישטשעט, ווי זי וואָלט געווען א נאסע. בא דער פאראדנע האָט זי זיך גאָר ניט אָפּגעשטעלט, נאָר גלײַך פארקערעוועט אינ טויער און אינ הויפ ארײַנ. זי איז דורכגעפאָרן אונטער דער שטריק פונ די וועש, פארבײַ דער קופּע זאמד און האָט זיך אָפּגעשטעלט באם אינזשע־ניער אונטער די פענצטער.

— פארשטייט זיך, אז די קינדער האָבן גלײַך אוועקגע־וואָרפן אלץ מיטאנאנדער און האָבן ארומגערינגלט די נײַע מאשינ.

עס האָט א קלאפּ געטאָן דאָס טירל, דער שאָפער איז ארויסגעקראָכן, געזאָגט: „א גוטן טאָג!״ און איז אוועק. אוועק אהיימ!

די מאשינ איז געבליבן.

דער אינזשעניער האָט זיך געשטעלט אפן טרעפּל און פריילעך געפרעגט:

— געפעלט אײַך די מאשינ?

— געפעלט! געפעלט! — האָבן זיך צעשריִען אלע קינ־דער פאראמאָל.

— פריִער איז געווען „פאָרד״ און איצטער — „גאז״ —

האָט געזאָגט באָרקע, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער מאַ־שין פון פאָרנט און געקוקט, ווי מאָדנע עס האָט זיך אין גלאַנציקן פליגל אָפּגעשפּיגלט דער הויף, די קינדער, די פענצטער...

דער אינזשעניער האָט עפּעס אין מאַשין אָנגעדריקט: טו־טו! און באָרקע האָט זיך א וואָרף געטאָן אָן א זײַט. פונקט ווי די מאַשין וואָלט אָפּ אים א פּאָר געטאָן.

די קינדער האָבן זיך צעלאַכט, זיי איז דאָס שטאַרק געפעלן געוואָרן און זיי האָבן געכעטן:

— נאָך! נאָך!

דער אינזשעניער האָט אָבער מער ניט געטוטוקעט. ער האָט זיך נאָר פאַרטראַכט א ביסל און דערנאָך געזאָגט:

— אָט וואָס, קינדער. א מאַשין איז בײַ אונדז פאַראַן, אָבער קיין קוואַרטיר פאַר איר איז דערווײַל נאָך ניטאָ. דעריבער וועט זי די ערשטע צײַט וווינען אפן הויף... איך בעט אײַך, קינדער, צו דער מאַשין ניט צוגיין.

נאַ דיר אוועק! די קינדער האָבן זיך שוין שטאַרק געפרייט: א מאַשין אין הויף, מע וועט אַלץ געניוי קאָנען באַטראַכטן. ביז איצטער האָבן מיר נאָך קיין „אייגענע־מאַשינעס אין הויף ניט געהאַט.

— יאָ, יאָ, — האָט נאָך צוגעגעבן שטרענג דער אינ־זשעניער, — ניט צוגיין!

— וואָס מיינט איר, מיר זײַנען קליינינקע? — האָט זיך פאַר אַלעמענס קאָווער אײַנגעשטעלט באָרקע — מיר פאַר־שטייען ניט, מיינט איר?

— דערפאר טאקע, ווײַל קלײנינקע, — האָט געזאָגט דער אינזשעניער און איז אוועק צו זיך אהיים.

ער איז א קלוגיטשקער, דער אינזשעניער, ער האָט זיך געזעצט באַם פענצטער און גיט אכטונג, און ווי נאָר עמעצער פרוווט צוגיין נעענטער, גלײַך מאכט ער שוין מיטן פינגער: נו־נו!

די קינדער זײַנען בארויגעז געוואָרן און האָבן זיך אָפּגעקערט פון דער מאשין: אויב ער איז אזא, דאַרף מען ניט!

אָבער די מאשין בלישטשעט אזוי, און שמעקט אזוי שטארק מיט בענזין, אז עס איז ניט מעגלעך אויסצוהאלטן — עס ציט צו דער מאשין, ווי א מאגנעט. באַרקע האָט געזאָגט:

— מירן אים איבערוואַרטן. אָט וועט ער אוועקגיין, און דאַן...

געוואַרט, געוואַרט, געקוקט, געקוקט — ער זיצט. ער שרײַבט עפּעס און זיצט. און דאָ ווערט שוין פינצטער, אין די פענצטער האָבן זיך אָנגעצונדן פײַערן. די מאשין קאָן מען שוין ניט באַטראַכטן ווי געהעריק, און אָט שרײַט מען שוין צו יעדערן פון די פענצטער:

— באַרקע!

— דימאָטשקע!

— ווערע!

— אהיים! אהיים! וועטשערע עסן!

— אלצײנס, — האָט געזאָגט אײַנגעשפּאַרט באַרקע, — דערפאר וועלן מיר מאָרגן אופשטײן פריִער פון אלעמען!

דער אינזשעניער איז אַפּ מאָרגנ אופגעשטאַנענ פּונקט שפּעטער. די זונ איז געשטאַנענ הויכ, פונ הויפ האָבנ זיכ געטראָגנ קינדערשע שטימענ. דער אינזשעניער האָט זיכ גלײַכ דערמאָנט וועגנ דער מאשינ אונ איז צוגעלאָפנ צום פענצטער. נו יאָ, בא דער מאשינ פּאדענ ארום די קינ־דער.

דער אינזשענער איז אינ קאַס געוואָרנ, ארויסגערוקט זיכ פונ פענצטער, אופגעהויבנ א פינגער אונ שוינ גרייט גע־וועג זיכ צעשרײַענ...

ער האָט זיכ ניט צעשריענ אונ דער פינגער האָט זיכ בא אים אויכ אראָפּגעלאָזט. די קינדער האָבנ מיט ווײַסע שמאַט־קעס גערייניקט די מאשינ. באָרקע מיט פּעטקענ האָבנ אראָפּגעריבנ פונ טרעפּל דעם נעכטיקנ סימענ פונ אינ־זשעניערס פוס, דימקע האָט גערייניקט דאָס טירל אונ ווערקע האָט מיט אויסגעצויגענע ליפּנ געבלאָזנ אפּ די לאמטערנעס אונ מיט דער פּאָלע פונעם קורצנ קליידל געריבנ די קײַ־לעכדיקע בלישטשענדיקע גלעזער.

דער אינזשעניער איז שטילינקערהייט אוועק פונ פענ־צטער.

# עסטערקע

אונדזער שכיינע, כאַוורטע שאַפּיראָ פֿון דער נײַ־פֿאַבריק, איז אַוועקגעפֿאָרן אױף אורלויב אין דאָרף, — זי האָט דאָרטן קרויווים. אַוועק איז זי אין דאָרף אַליין און אומגעקערט זיך מיט איר א פּלימעניצע — עסטערקע. דער צוג איז אָנגעקומען שפּעט באַנאַכט, און עסטערקע האָט קיין זאַך ניט געזען, נאָר אומעטום פֿײַערן: די שטייען אין אַן אָרט, יענע לויפֿן אַרום און אַנדערע, פֿיל־פֿאַרביקע, הענגען ווי אין הימל.

אינדערפֿרי האָט איר די מומע געזאָגט:

— עסטערקע, איך גיי אויף דער אַרבעט, און דו זיץ בעסער אין דער היים. די ייִנגלעך אויפֿן הויף זײַנען בײַ אונדז גרויסע שטיפֿער...

און זי איז אַוועק.

עסטערקע האָט אויסגעווישט די גלעזער, צוגעקליבן דאָס צימער און געזעצט זיך צום פֿענצטער באַקוקן די שטאָט. אָבער האַרט פֿאַרן פֿענצטער איז געשטאַנען א הויכער געלער מויער און האָט די גאַנצע שטאָט פֿאַרשטעלט.

דאַן האָט זי אַרופגעכאַפּט אַף זיך אַ פּאַטשיילע און דורך דער קיך איז זי אַרויס אין הויף. וואָס פאַר אַ מאָדנער הויף: קיין גראָז איז ניטאָ, די ערד איז האַרט, פון אַלע זײַטן הויכע ווענט, און אויבן אַ קליין שטיקעלע הימל, ווי אַ בלוי דעכעלע...

אַפן הויף האָבן עטלעכע קינדער געשפּילט אין „קלאַסן". דערזען די אומבאַקאַנטע, האָבן זיי זי אַלע גלײַך אַרומגערינגלט.

— וועמעס ביסטו? — האָט געפרעגט איינער.

— דער מומע שאַפּיראָס.

— און ווי רופט מען דיך? — האָט געפרעגט אַ צווייטער.

— עסטערקע.

— און פונוואַנען ביסטו? — האָט געפרעגט אַ דריטער.

— פון קאָלווירט.

— קאָלווירטניצע! קאָלווירטניצע! — האָבן זיך דעמלט אַלע קינדער צעשריען פּאַראַמאָל, — קאָלווירטניצע. ווי טײַער איז מילך?

עסטערקע האָט זיך שטאַרק באַליידיקט און אַ טופּע געטאָן מיטן פוס:

— וואָס רייצט איר זיך! נאָך שטאָטישע...

זי האָט אַף זיי מיטן טיכל אַ פּאָך געטאָן:

— אָט צעלאָזענע! איר זײַט ערגער פון די דאָרפישע...

— מיטן טיכל סטראַשע אונדז ניט — איז אַרויסגע־

שפּרונגענ דאָס ייִנגל פּימקע.—אָט באלד, יאטנ, וועט זי בא מיר אנשוויגנ ווערנ,—ער איז צו צו עסטערקענ גאָר נאָענט.

— זאָג נאָר, קאָלווירטניצע, טראמווייַענ האָט איר דאָרטנ אינ קאָלווירט?

עסטערקע שווייַגט.

— ניטאָ,—זאָגט זי דערנאָכ אינ דער שטיל,—קיינ טראמ־ווייַענ.

— זעסטו שוינ: ניטאָ! טאָ וואָס זשע פאַרייַסטו די נאָז?

דאנ האָט זיכ עסטערקע איכ גלייַכ געכאפּט:

— אונ טראקטערס—האָט זי געפרעגט—האָט איר דאָ בא אייַכ אינ שטאָט?

איצט זייַנענ שטיל געוואָרנ די ייִנגלעכ: וואָס ניטאָ, איז ניטאָ.

— וואַרט זשע!—האָט איסגעשריענ פּימקע—אונ אוו־טאָבוסנ איז בא אייַכ פאַראנ? הא!

אָבער עסטערקע האָט זיכ ניט פאַרלאָרנ.

— אונ לאסט-אווטאָמאָבילנ האָט איר? מיר האָבנ צוויי — גרויסע!

דאָ האָבנ זיכ אלע צעלאכט:

— אָט דאָס איז געפרעגט. מיר האָבנ טויזנטער עפּשער!

— שטילער!—האָט א קאָמאנדעווע געטאָנ באָרקע,— איכ וועל פרעגנ: אונ אזא מינ זאכ ווי טראָלייבוסנ האָט איר?

עסטערקע האָט זיכ געזעצט אפ די טרעפּלעכ אונ צו־נויפגעלייגט די הענט אונטער דער פאטשיילע:

— און קאָמבײַנען האָט איר?

ס'איז ניט א מיידעלע, מע קאָן זי גאָר ניט איבערשפּאָרן!

— מיר האָבן א מאָטאָציקלעטקע, — האָט זיך בארימט פּימקע.

— און מיר האָבן א דרעשמאַשין!

— מיר האָבן טאַקסיס, אווטאָמאָבילן... מאָטאָציקלען...

— נו, איז וואָס? האָבן מיר זיי־מאַשינעס, בוקערס...

די יאַטן האָבן ניט געקאָנט איבערשפּאָרן עסטערקען, זיי זײַנען אָפּגעגאַנגען אָן א זײַט און האָבן גענומען אײַנצען זיך. עסטערקע איז דערווײַל רויִק געזעסן אַף די טרעפּלעך. דערנאָך האָבן זיך די יאַטן אומגעקערט.

— קום מיט אונדז!

— וווהין? — האָט זי געפרעגט, און איז אוועק מיט זיי.

די יאַטן האָבן זי אוועקגעפירט איבערן וועג אין א הויכן מויער. דאָרט זײַנען די טרעפּ געווען שטיינערנע, בײַ די טירן גלעקלעך, אין די ווינקלען שפּײַ־קעסטלעך.

— אָט, — האָט פּאַר איר באָרקע געעפנט א טירל אין וואַנט, — פּליען קאָנסטו?

עסטערקע האָט דערזען א קליין צימערל, ווי א שטײַגל. זי האָט זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט: עס קאָנען דען זײַן אַזעלכע קליינע צימערלעך?

— וווהין פליען? — האָט זי געפרעגט.

— קוק אַהער! — האָט געזאָגט באָרקע. — זעסט

קנאָפּקעס? וועסט אָנקוועטשן די זעקסטע קנאָפּקע — וועסטו פליען... אהין אין דער הייך, — האָט ער אויפגעהויבן די האנט.

וועגן ווינדעס האָט עסטערקע געוווּסט, די מומע האָט איר דערציילט נאָך אין דאָרף. דאָס איז טאקע א ווינדע, האָט זי פארשטאנען. זי האָט גענומען באקוקן די קנאָפּ־קעס. אָבער דאָ האָבן שוין די יאטן פארהאקט היגטער איר די טיר.

— עפנט, — האָט א געשריי געטאָן עסטערקע, — איך וועל זאָגן דער מומען!

אָבער כעוורע האָט אומגעדולדיק געשריען דורכן טירל:

— די זעקסטע קנאָפּקע קוועטש! די זעקסטע! ווער געווארינט צו שטאָט! ווער געוווינט!

עסטערקע האָט זיך צעקאסט. זי האָט זיך א שטעל געטאָן אפ די שפּיץ פינגער, און ווי זי האָט אָנגעדריקט די זעקסטע קנאָפּקע, האָט זיך עפּעס אינווייניק צעבראָמט, צעהודזשעט, און דאָס שטיבל האָט זיך א לאָז געטאָן אַפ ארויף.

— אוועקגעפלויגן! אוועקגעפלויגן! — האָבן זיך צעשריען די קינדער און זײַנען גלײַך אוועקגעלאָפן אַפן זעקסטן שטאָק באַגעגענען די קאָלווירטניצע.

— דערשראָקן זיך? דערשראָקן זיך? — האָבן זיך בא איר מיט מיטגעפיל נאָכגעפרעגט די קינדער. ווען זי איז ארויס פון ווינדע און האָט זיך צופוס אוועקגעלאָזט מיט

די טרעפּ אַראָפּ: — מער וועלן מיר זיך מיט דיר ניט רייצן. האָבן קיין מוירע ניט...

עסטערקע האָט געענטפערט:

— איר מיינט, איך האָב מוירע? אַט ווען איך בין געפלויגן אויפן אעראָפּלאַן, איז טאַקע געווען שרעקלעך.

— אויף אַן אעראָפּלאַן? אויף אַן עמעסן אעראָפּלאַן? — האָבן זיך די קינדער אַזש אָפּגעשטעלט פאַר וווּנדער.

— וואָס זשע דען, ניט אויף אַן עמעסן? בײַ אונדז אין קאָלווירט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַן אעראָפּלאַן און האָט אַלעמען געהויבן. איך בין אויך געפלויגן. אָט דאָרט איז טאַקע געווען שרעקלעך.

די יאַטן האָבן געקוקט אויף עסטערקען מיט פאַרכידעשטע אויגן.

— דערציילט, עסטערקע, דערציילט! — האָבן זיי זי אַלע אַרומגערינגלט און שוין ניט אָפּגעלאָזט.

די קינדער האָבן זיך אומגעקערט אין הויף, אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום עסטערקען אויף די טרעפּלעך, און זי האָט גענומען דערציילן.

## „גאמד".

אלעמאָל, ווען מע דארף צונויפרופן א פארזאמלונג פון די אײַנוווינער, גייט ארויס דער הויז־פארוואלטער צו די קינדער, וואָס שפּילן זיך אפן הויף, און זאָגט:

— א נו, העלדן, ווער וויל זיך דורכלויפן איבער די טרעפ?

—

די „העלדן" לאָזן זיך ניט בעטן, זיי צעשיטן זיך איבער אלע טרעפ, און אין די טירן גייט אוועק א קלאפעניש און א קלינגעניש:

— אפ א פארזאמלונג! אפ א פארזאמלונג!

די אײַנוווינער הייבן זיך אָן קלײַבן אפ דער פארזאמ־לונג, און די קינדער לויפן צוריק אין הויף. אָבער מיטן הויף זײַנען זיי ניט צופרידן.

— אין אנדערע הײַזער, — זאָגט מישקע פון דירע נומער 5, — איז גוט, און בא אונדז איז וואָס? — און מיט פאראכ־טונג באקוקט ער דעם הוילן אספאלט, דעם קאסטן מיט די מיסט און דעם געלן קאָטער אפן קאסטן.

— ווי איז אין אנדערע הײַזער? — פרעגט מיט נײַגער די קליינע זשענקע.

— טאקע ווי? — כאפט אונטער אויך דער געלער — אזוי רופט מען באָרקען פון דריטן שטאָק.

מישקע דערציילט:

— אָט בין איך געווען מיט דער מאמען בא ליאָווקע צוקערמאן. איר ווייסט, וואָס זיי האָבן דאָרטן? א ספּעציעלן קינדער-ווינקל פאר די קינדער! איר ווייסט, וואָס דאָס איז? וואָס שפּילצײַג מע האָט אָנגעשלעפּט פאר זיי! און אינסטרומענטן... אָט זיי האָבן א גוטן הויז-פאַרוואַלטער! — מישקע האָט אומעטיק אָפּגעזיפצט.

דערבײַ שטייט וויטינקע מיט די גראָבע בעקלעך און גריזשעט אן עפּל. אלעמאָל גריזשעט ער עפּעס, דער וויטינקע. מישקעס געשיכטע וועגן קינדער-ווינקל האָט אים ניט פאַראינטערעסירט. ער האָט אן אייגענעם געדאנק:

— מישקע! — זאָגט ער, באהאלטנדיק אין קעשענע דעם ארומגעביסענעם עפּל, — לאָמיר גאָר כאפּן דעם קאָטער, מירן אים עפּעס צובינדן...

אלע וואַרפן זיך אפן קאָטער.

דער קאָטער ווייסט ניט, וווּהין צו ראטעווען זיך.

בליצשנעל גיט ער א שטרעק אויס דעם פײַערדיקן עק, ווי א שטעקן, און אָט איז ער שוין אפן פארקן.

די קינדער בלײַבן ווי אָפּגענארטע. מישקע טרייסט זיך מיט די ווערטער:

— זעט נאָר, זעט! דער קאָטער איז נאָך געלער פון באָרקען!

באָרקע הייבט זיך אָן קאָכן:

— איך בין געלער! איך!

אלע צעלאכן זיך, און שטארקער פון אלעמען — וויטינקע, שיר וואָס ער דערווערגט זיך ניט מיט א שטיקל עפּל. אָבער דערפון ווערט ניט פריילעכער.

זשענקע דערמאָנט זיך מישקעס דערציילונג וועגן קינדער־ווינקל און צעכליפּעט זיך:

— פארוואָס מאכט מען ניט בא אונדז, ווי בא ליאָוועקע צוקערמאַן?

מישקע זאָגט ווי א דערוואקסענער:

— באם הויז־פארוואלטער זײַנען מיר שוין געווען, ניט איין מאָל געווען. צוגעזאָגט און ניט אויסגעפּילט!

— איז ער דאָך א ליגנער! — זאָגט באָרקע פון דריטן שטאָק.

— ער איז א ביור־ראָ־קראט! — זאָגט מישקע מיט אווטאָריטעט.

אזוי שמועסן זיך דורך די קינדער וועגן זייערע זאכן. ביים די דערוואקסענע פירן אפ די טרעפּ א פארזאמלונג וועגן זייערע זאכן.

אָבער אזעלכע פארזאמלונגען פון די אײַנוווינער קומען פאָר זעלטן, עפּשער איין מאָל אין א האלב יאָר. און דערפאר זײַנען אלע געווען שטארק פארוווּנדערט, ווען אפ די טרעפּ האָט זיך פּלוצלינג אופגעהויבן א גוט באקאנטער טומל:

— אפֿ א פֿאַרזאמלונג! אפֿ א פֿאַרזאמלונג!

— עפּעס צו גיכ! — האָבנ ניט פֿאַרשטאנענ די אײַנוווי־נער.

ווער עס כאפּט ארופֿ אפֿ זיכ א פּידזשאק, ווער א פֿאַטשײלע, אונ מע גײט אפֿ די טרעפּ.

אונ די קינדער לויפֿנ נאָכ אלצ אומ איבער די דירעס:

אפֿ א פֿאַרזאמלונג! אפֿ א פֿאַרזאמלונג!

— עפּשער וועט שוינ קלעקנ אומצולויפֿנ? — האָבנ זיכ געבײזערט די פֿאַרזאמלטע, — שוינ פֿאַראנ גענוג מענטשנ

מע האָט זיכ גענומענ נאָכפֿרעגנ:

— וואָס שטײט אפֿ דער טאָג־אָרדענונג?

— צײַט אָנצוהײבנ! צײַט!

— אונ ווו איז דער פֿאַרוואלטער?

אָנ פֿאַרוואלטער קאָנ מענ ניט אָנהויבנ. אָנ אימ ווײסט גאָר קײנער ניט, אינ וואָס עס האנדלט זיכ. אָבער דער פֿאַרוואלטער איז אלצ ניטאָ.

אונ דאנ האָט זיכ אפֿ די טרעפּ פּלוצלינג באוויזנ מישקע — אפֿ דעמ זעלבנ אָרט, ווו אלעמאָל שטעלט מענ אוועק דאָס טישל פֿארנ פּרעזידיומ. ער האָט אופֿגעהויבנ א האנט:

— קינדער! דאָס הײסט... נו, יאָ... כאווײרימ! דאָס האָט אונדז דער הויז־פֿאַרוואלטער גאָר ניט געשיקט, דאָס האָבנ מיר אלײנ...

קײנער האָט קײנ זאכ ניט פֿאַרשטאנענ: וויאזוי אלײנ? וואָס הײסט אלײנ?

עס איז געוואָרן א טומל, א געשריי:

— בא מיר איז צוליב איך דער מיטיק קאלט געוואָרן!

— און מיך האָט מען אָפגעריסן פון א דרינגענדיקער ארבעט!

אלע האָבן זיך געזידלט פאראמאָל:

— פאר אזא זאך איז אָנדרייען די אויערן ווייניק!

— וועמעס איז עס, אָט דאָס יאטל?

— כוליגאנעס!

— כוליגאנעס? — האָט אויסגעשריען מישקע, ער איז געוואָרן רויט, ווי א פאָן, — לאָז זיין כוליגאנעס! און פאר־וואָס מאכט מען ניט קיין קינדער־ווינקל?

— ווי בא ליאָוקע צוקערמאנ! — האָט הילכיק אויסגע־שריען זשענקע.

— דער פארוואלטער איז א ביוראָקראט! — האָט מישקע געשריען אף אלע טרעפ. — צוגעזאָגט שטעלן די פראגע און ניט געשטעלט! מיר האָבן אליין צוגויפגערופן.

דאָ האָט זיך פון הינטער עמעצנס פלייצעס ארויסגערוקט דער פאראנטוואָרטלעכער פאר דער דירע נומער 5, כאווער שיפמאנ:

— דאָס איז מיין יינגל, כאווערים. שא-שא! דאכט מיר, זיי ריידן צו דער זאך, די כעוורע. נו-נו, כאווער מישקע! לייג ארויס, וואָס דו האָסט אפן הארצן! — און ער האָט זיך געשטעלט אין א פּאָזע פון א פּאָרזיצער.

די איינוווינער זיינען געבליבן שטיל, און מישקע האָט געקלונגען מיט זיין שטים ווי א גלעקל:

— א פוסטער איז דער הויף, אפילע קיינ זאמד ניטאָ פאר די קליינינקע. אינ אנדערע הײַזער איז פאראנ. אינ אנדערע הײַזער איז אלצ פאראנ! אפילע אינסטרומענטנ זײַנענ פאראנ, אונ אלצ קאָנ מענ מאכנ...

— אונ מיר האָבנ נאָר א קאָטער! — האָט מיט איר דינ שטימעלע אונטערגעהאָלפנ זשענקע.

— אונ דער קאָטער גראבלט זיכ! — האָט ארײַנגעברומט וויטינקע.

אלע האָבנ זיכ פאנאנדערגעלאכט. די שטימונג בא די ארזאמלטע האָט זיכ שוינ געענדערט.

— כאווײַרימ! — האָט געזאָגט כאווער שיפמאנ. — איכ מיינ, אז קוימ האָבנ אונדז די כעווערלײַט צונויפגערופנ, — ער האָט זיכ א בייזער געטאָנ צו מישקענ מיט א פינגער, — וועט מענ שוינ מוזנ באטראכטנ זייער פראגע.

ער האָט גענומענ ריידנ, אונ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ אנ עמעסע פארזאמלונג.

— זאָלנ זיי זאָגנ, וואָס זיי דארפנ, — זײַנענ ארויסגעטראָטנ די אײַנוווינער — מיר וועלנ קויפנ...

— בא אונדז איז אָנגעשריבנ, אָט! — מישקע האָט דערלאנגט א פאפיר, אונ כאווער שיפמאנ האָט גענומענ לייענענ.

פלוצלינג האָט כאווער שיפמאנ הויכ אופגעהויבנ די ברעמענ אונ האָט זיכ אָנגעצילט אפנ זונ:

— אונ וואָס דארפט איר דאָס פאר א „גאמד״? וואָס הייסט בא אײַכ „גאמד״?

— פונוואנען? — האָט אויסגעשריען א דערשראָקענער מישקע און אריינגעקוקט אין פאפיר: — קיין זאך, טאטע פארשטייסטו ניט, דאָ איז דאָך קלאָר אָנגעשריבן: „זאמד", זאמד פאר די קליינינקע.

אלע האָבן זיך צעלאכט, און כאווער שיפמאן האָט געזאָגט:

— גוט, זאמד וועלן מיר ברענגען, אלע איבעריקע זאכן איך קויפן, אָבער... דעם „ז" דארף מען אויך וויסן ווי צו דרייען...

— אלצײנס! — האָט צעזומלט אויסגעשריען מישקע — אבי ברענגט!

# גלאָז

(דערציילונג פון א בריגאדיר)

איך וועל דערציילן וועגן דער גאָרטן־בריגאדע, וו׳אזוי מיר האָבן ספּעקטן געמאכט. אין מײַן בריגאדע איז זעכצן מענטשן: מומע דאריע, מומע דוניע, מומע מאריע, מומע לוקעריע און פּאלאגע, און מארישע און צוויי שורקעס, און פּעטרוס, און דער אלטער פּאָליקארפּ, און זײַן אייניקל פּאניע, און נאָך... — אלע זײַנען זיי בא מיר אין ביכל פאר־שריבן.

פריליננ זײַנען מיר, די גאנצע בריגאדע, ארויס מיט גראָבײַזנס אפן ברעג פון אונדזער טײַך נארע. דער שניי איז שוין אראָפּ, מער ניט אין די גריבער און שפּאלטן האָבן זיך נאָך וו־ניט־ווו געוואלגערט פארגעסענע שמוציקע בערגעלעך. די אלעמאָל שטילע נארע האָט זיך אָנגעבלאָזן און ערגעץ זיך געאײַלט מיט א געררויש. אפ דער זון האָט זי געבלישטשעט זייער העל, עס איז שווער געווען צו קוקן. איינצלנע וואָלקנס זײַנען געשווומען אין הימל, ווי שטיקער אייז אפ א טײַך. ארום איז ליכטיק, פון דער

שוואַרצער ערד הייבט זיך אַ פּאַרע, מיט איין וואָרט — פרילינג!..

— אָט איז אונדזער באַציִרק, — האָב איך באַוויזן מיטן גראָבײַזן, — פון דער פאַרוואַלטונג האָבן מיר אַן אויפ־גאַבע: צוגרייטן הײַנטיקן פרילינג ניט קיין סאַך, ניט קיין ביסל — 800 ראַמען: פאַר אוגערקעס, פאַר פּאָמידאָרן, פאַר קאַוועָנעס.

— קאַוועָנעס, דאָס האָב איך ליב, — האָט געזאָגט פּעטרוס.

— און איך האָב קיין קאַוועָנעס קיינמאָל ניט פאַר־זוכט, — האָט געזאָגט פאַניע.

— און בײַ מיר איז דער בעסטער מײַכל פּאָמידאָר־לעך — האָט געזאָגט די מומע דוניע.

— איך זאָג:

— יאָ, יאָ. אַפּ אַ גוטער זאַך איז יעדערער אַ באַלן. מע וועט אָבער דאַרפן אַן אַרבעט טאָן. אַפּ אונדזער באַציִרק זײַנען מיר די באַלעבאַטים. מיר וועלן מאַכן בעסער, וועלן מיר מערער באַקומען. מיר וועלן מאַכן ערגער... וועלן מיר זיך אַליין זידלען.

— בײַ אונדז איז קיין פוילער ניטאָ! — האָט געזאָגט די מומע דוניע.

דאָס איז ריכטיק. די בריגאַדע איז בײַ מיר אַ מוסטער־האַפטע. אַרבעטער איינע אין איינע.

גוט. מיר האָבן אָנגעצייכנט אַפּ דער זוניקער זײַט די רייען, מיר האָבן אַ שפּײַ געטאָן אַפּ די הענט און גענומען

גראָבנ. די ערד איז א ווייכע, גיט זיכ לייכט אונטער, אפ דער לאָפּעטע גייט זי גרינג. דעריקער, עס שמעקט פונ איר גוט, פונעמ רייעכ קומענ צו, דאכט זיכ, קויכעס...

אינ דער זעלבער צייַט גייט אנ ארבעט אויכ אפנ קאָל־ווירטישנ הויפ. צוויי אלטיטשקע, סטאָליערס, קלאפּנ צו־נויפ פאר די ספּעקטנ די ראמענ. געהילצ פעלט אונדז ניט — אלצ כאָסנע אונ יאָדלע אונ סאָסנע...

די ברעטער שמעקנ, ווי ספּירט. איבער זיי שארקענ די הובלס. די הובל־שפּענער דרייענ זיכ, ווי הילצערנע פּרו־זשינעס. עס סקריפּעט די זעג. איבער די דלאָטעס קלאפּנ די העמערלעכ, איבערנ ווערקשטאט טרייסלענ זיכ די גראָע בערד פונ די אלטיטשקע — עס גייט אנ ארבעט!

אונ אזוי גייט בא אונדז אלצ גלאטיק — די גראָבנס זייַנענ אויסגעגראָבנ — 1.6 מעטער אינ דער ברייט, 19 מע־טער אינ דער לענג, אזוי ווי עס דארפ צו זייַנ. זריִע האָבנ מיר צינייפגעקליבנ גוטע: קרויט ווייַסרוסישע אונ פּרעקע — נומער איינס, מערנ נאנטישע אונ אפילע „שאנ־טענע" א ביסל, אוגערקעס מוראָמער...

שוינ די קלעצער אריַינגעשטעלט אינ די גראָבנס, אונ די ראמענ זייַנענ שוינ אזוי ווי פארטיק. דער פּלאנ ווערט אויס־געפילט פונקט, ווי מיר האָבנ אויסגערעכנט, אָס אינ אָס. נאָר פּלוצלינג האָט זיכ די גאנצע ארבעט אָפּגע־שטעלט.

אָט וויאזוי דאָס איז פאָרגעקומענ.

— ני, בריגאדיר, — האָבנ געזאָגט די אלטיטשקע, די

סטאָליערס: — לאָמיר זיך זען מיטן גלאָז! די ראַמען זיינען פאַרטיק, מע דאַרף גלאָזן.

די אַלטיטשקע האָבן געמאַכט צו דער צייט גוט: מיר האָבן אויסגעריכט פאָליקאַרפּן. איך האָב זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון בריגאַדע — די סאַמע הייסע צייט. און ער איז אַ מענטש אַ באַטראַכטער און אַ פּאַרטיי־מיט־גליד. געלט האָט מען אים געגעבן, אַ צעטל פון קאָל־ווירט מיט אַ שטעמפּל — אַלץ, ווי געהעריק. אויף געפאָרן!

אין שטאָט אַראָפּגאַפּן זיך, אהין און צוריק געדויערט איין טאָג.

און דאָ איז אַוועק אַ טאָג, אַ צווייטער. עס ענדיקט זיך שוין דער דריטער — ניטאָ פאָליקאַרפּ. ניט גוט!

— עפּשער האָט מען באַראַבעוועט אונדזער פאָליקאַרפּן, וועט אָקאָרשט! — זאָגט די מומע דוניע.

— עפּשער פאַרבלאָנדזשעט זיך — פּרוּווט זיך זאָגן די מומע דאַריע. — אַזאַ שטאָט, אַ גרויסע!

— ער איז אַ געניטער, — האָט געזאָגט פּעטרוס, — ער וועט ניט פאַרבלאָנדזשען.

ער האָט טאַקע ניט פאַרבלאָנדזשעט. אפן פערטן טאָג — ער איז דאָ און גלייך צו דער בריגאַדע.

— אָט איז דאָס געלט, און אָט איז דאָס פּאַפּירל, — האָט ער געזאָגט אַ באַרויִגזוער, — גאַנץ שטאָט איבערגעזיפּט. ניטאָ!

— פאָליקאַרפּ, וואָס רעדסטו! האָט אויסגעשריען די מומע דוניע.

— עפשער האָסטו ניט גוט געזוכט? — האָט געצווייפלט די מומע פאלאגא.

— טוט וואָס איר ווילט! — האָט געזאָגט פאָליקארפ — ניטאָ איז ניטאָ.

צוליב דעם טאקע האָט זיך אונדזער גאנצע ארבעט אָפּ־געשטעלט.

— אָט וועלן מיר שוין האָבן, — האָט געזאָגט מומע פאלאגא. — אוגערקעס מוראַמער, מערן נאַנטישע...

די בריגאדע האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. די גראָבנס וואַרטן בא דער נאָרע. עס וואַרטן די ראַמען אין סטאָליער־ווארשטאַט, די זריע אין שפּײַכלער... און די צײַט ווארט ניט. אָט ברעכט זיך שוין דער גאנצער פלאַן אונדזערער, דער פארזיי־פלאַן!

וואָס טוט מען?

דאָס, וואָס איך דערצייל, איז ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך, פּינקט אזוי איז טאַקע אַלץ פאָרגעקומען, און געווען איז דאָס פאַריקן פרילינג.

גיט א בליץ ערגעץ א שטיקל גלאָז אף דער ערד, ווערט מען גלייך אומרויק. כ'וואַרפט זיך אין די אויגן א פלעשל. טראַכסטו גלײַך — גלאָז! גייסט פאַרבײַ די הײַזער, זעסט פענצטער־שויבן — גלאָז! טאָג און נאַכט נאָר גלאָז, אין כאָלעם זעען מיר — גלאָז.

די גאַנצע בריגאדע האָט איין געדאַנק אין קאָפּ: גלאָז!

— מע דאַרף, — זאָגט די מומע דאַריע, — פון גאַנצן קאָלווירט צונויפקלײַבן.

— וויפל וועט ארויסקומען?

פונדעסטוועגן האָבן מיר געמאָלדן דורך דער פאַר־וואלטונג א זאמלונג פון גלאָז. די ספעקטן אינטערעסירן אלעמען. די קאָלווירטניקעס האָבן גלייך ארויסגענומען די שויבן פון די ווינטערדיקע ראמען:

— נעמט, — זאָגן זיי, — צו ווינטער איז ווייט. דערנאָך וועלן מיר זען.

מיט די שויבן האָבן מיר פארגלאָזט א ראמען הינדערט פופציק, דאָס הייסט א פראָצענט צוואנציק פון פּלאַן. פונקט איין רייַ איז ארויסגעקומען. ווי נאָר מיר האָבן געמאכט די איין ריי, אָנגעשלאָגן מיט ווארעמען מיסט, די שויבן האָבן זיך צעבלישטשעט אפ דער זון און פון אינווייניק האָבן זיי זיך צעשוויצט. דאן איז אונדז געוואָרן נאָך ערגער: עס, — טראכטן מיר, — וועלן אלע רייען וואָלטן אזוי געווען!

פארנאכט קומט צו מיר צו לויפן פעטרוס.

— פאנטשענקאָ! — שרייַט ער אויך, — אף מייַן וואָרט! — ער האָט מיך אָנגעכאפּט פאר דער האַנט.

איך פרעג גאָר ניט, וואָס ער האָט אינזינען, איך פאַר־שטיי שוין אליין. פּיאָטער איז א קאָמיוגיסט און ניט קיין פלוידערער. אומזיסט וועט ער פאר דער האַנט ניט כאפּן.

— נו?

— אף מייַן וואָרט, פאנטשענקאָ, שפּאַן גיכער דאָס פערד, מיר פאָרן קיין נארע.

— קיין נארע? זיך אָנגעטראכט! אין נארע בין איך געווען. דאָרט איז קיין זאך ניטאָ.

— און איך זאָג, פאָרן. נאָר גיכער.

אַן אומגעדולד איז אים באַפאַלן, און מיר האָט זיך דאָס אויך איבערגעגעבן.

מיר האָבן איינגעשפּאַנט דעם גניאדן אָגער און זיינען אוועקגעפאָרן. פּיאָטער יאָגט דאָס פערד, ער איילט זיך.

— דערציי, פּעטרוס, וואָס האָסטו אינזינען?

— מיר זענען אפּ אַן אָרט, — ענטפערט פּיאָטער, — אַבי גיכער. זע נאָר, ווו די זון איז שוין.

מיר זיינען דורכגעפאָרן די טרוקענע באַלקע, דעם אַלטן וואַלד, און פון דאָרט זעט זיך שוין דער נאַרער עלע־וואַטער.

— אָבער אויב עס וועט גאָרנישט אַרויסקומען, דערציי קיינעם ניט. גוט? — בעט פּיאָטער.

— גוט, — זאָג איך, — יאָג ניט אַזוי דאָס פערד, אַ ראַכמאָנעס!

— שאַט ניט, — זאָגט ער און טרייבט אָן.

אָרייַנגעפאָרן אין שטאָט. האָט פּיאָטער געלאָזט דאָס פערד לאַנגזאַמער און גענומען לייענען די שילדן:

## פאַבריקמאַכעריי „היגיענע"
## רייַקאָנטאָר פון פאַרבינדונג
### צאָן־דאָקטער

און אַ סאַך אַנדערע. די שילדן זיינען לאַנגע, פּיאָטער לייענט לאַנגזאַם, דערצו איז שוין פאַרגאַנגען די זון, מע זעט שלעכט.

— אהא — אָט איז זי! — האָט זיך פלוצלינג דערפרייט פיאָטער.

פאָטאָגראַפיע -וואונדער-
באַמיגנמאל פאר דאָקומענטן
און אויך פארגרעסערונג
פאר ליבהאָבער

דאָ בין איך אַפּ פעטקען אין קאָס געוואָרן:
— פון זינען אראָפּ! פאָטאָגראפירן זיך פלוצלינג! גע־פונען א צייט!
פעטקע זאָגט:
— קאָס ניט, האָב צייט!
ער בינדט צו דאָס פערד צום פארקן און פירט מיך אין „וואונדער".
דער פאָטאָגראַפ איז אן אלטיטשקער, א פליכעוואטער און דער אפאראט איז אויך אן אלטיטשקער. די ווענט מיט דער סטעליע זײַנען דורכויס פון גלאָז — פונקט ווי א ספעקט. ווי איך האָב א קוק געטאָן אַפּ די גלעזערנע ווענט, האָט מיר אוש די הענט אָנגעהויבן בײַסן.
— קומט אריין, — זאָגט דער אלטיטשקער, — אין אטעליע.
דער אלטיטשקער מאכט שנעל פייער. ער גיט א שלעפ ארויס פון ערגעץ א דעקאָראציע — בערג און איבער זיי א לעוואָנע — און גלייך זאָגט ער:
— זעצט זיך!

מיר איז דאָס אלץ זייער מאָדנע. איך קוק אף פּעטקען, איך ווייס ניט, וואָס ער האָט אינזינען. פּעטקע גיט א טראַכט און זאָגט:

— ניין, מיר וועלן זיך ניט פאָטאָגראַפירן. מיר האָבן גאָר אַן אַנדער איניען.

דער אַלטיטשקער האָט אַ קוק געטאָן אף אונדז מיט אַ פאַרוואונדערטן בליק — אַפּריער דורך די ברילן, דערנאָך אַריבער זיי, און דערנאָך האָט ער גאָר אופגעהויבן די ברילן אפן שטערן.

— אויב אַ פּריוואַטער איניען, — האָט ער געזאָגט — איז קומט אַרײַן אין צימער, בּיטע.

— איך וועל צוּוואַרטן דאָ, — האָב איך געזאָגט. דער אַלטיטשקער איז מיר עפּעס ניט געפעלן. וואָס פּיאָטער האָט פאַרטראַכט, ווייס איך ניט: מאַכסט פון מיר אַ סאָד — גוט, — האָב איך געטראַכט, — מאַך אַ סאָד.

איך בין געבליבן אליין. איך האָב איבערגעלייענט אַ פּלאַקאַט: „בײַסן פאָטאָגראַפירן בעט מען ניט באַוועגן זיך". איך האָב געקוקט פאָטאָגראַפיעס אפן טיש, איך האָב אַ שמעק געטאָן די פּאַפּירענע בלומען און מער האָב איך ניט געהאַט וואָס צו טאָן. דעריקער האָב איך געקוקט אף די גלעזערנע ווענט: אָט דאָס איז גלאָז!

ענדלעך איז פּיאָטער אַרויס און האָט געזאָגט מיט אַ פריילעכער שטים:

— בריגאַדיר, קום נאָר אַהער. געמאַכט. קום טראָגן! אין הינטערשטן צימער זײַנען געווען צונויפגעלייגט

גאנצע בערג פלאַטשיקע פּאפּירענע קעסטלעך. שטיב איז אף זיי — אָן א שיר! מיר האָבן זיי געגומענע אריבער־טראָגן צו אונדז אף דער פור. עפּשער ביז האלבער נאכט האָבן מיר געטראָגן. און ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אהיים, איז שוין קימאט ליכטיק געווען.

אָט דאָס איז די גאנצע געשיכטע.

אין די קעסטלעך זיינען געלעגן נעגאטיוון, גלעז־לעך אזעלכע מיט פאָטאָגראפיעס. דער אלטיטשקער, דער פאָטאָגראף, האָט זיי אָנגעקליבן ניט ווייניק: זעקס טויזנט שטיק. ער האָט זיי פארקויפט פאר גאָר ביליק. ער האָט זיי ניט געדארפט, און אונדז זיינען זיי צוניץ געקומען...

מע האָט זיי נאָך געדארפט וואשן. דער גאנצער קאָל־ווירט האָט געוואשן די נעגאטיוון באַם טייך.

גיסט א קוק אף דער ליכט, זעסטו: גענעראלן פאר־שיידענע, סאָכרים, טשינאָווניקעס. נו, מיר האָבן זיי אלע־מען אראָפּגעשוועכט אין טייך.

— אָבער וויאזוי איז דיר דאָס איינגעפאלן? — איז צו פיאָטערן צוגעשטאנען די בריגאדע.

פיאָטער האָט געשמייכלט:

— ווי איז מיר דאָס איינגעפאלן?.. איך ווייס אליין ניט, ווי מיר איז דאָס איינגעפאלן... אָט זעט איר דאָך: מיס־טאמע, אז מע דארף, קומט אן איינפאל.

# ווי קודרע האָט פאַרלאָרן זיין פּאַפּאַכע

די געגנט איז בא אונדז א סטעפּישע, שעפּסן א סאך, טראָגן בא אונדז אלע אין קאָלווירט פעלצלעך שעפּסענע, פּאַפּאַכעס סמושקענע, אָדער גאָר קיילעכיקע קובאַנקעס. אָבער אזא גרויסע פּאַפּאַכע, ווי בא קודרען, האָט אין דאָרף מער קיינער ניט. פּונקט ווי א בער אפן קאָפּ — א האָריקע, א שווארצע, א פאַרבויגענע און מיט א קנייטש. דערפאַר דאַכט זיך טאַקע, אז קודרע איז א בייזער — ער רוקט אָן די פּאַפּאַכע סאַמע אף די ברעמען, פון אונטער די גרייזעלעך וואָל בלישטשען בלויע אויגן... אָבער טימקע ווייסט, אז קודרע איז גאָר א גוטער. גלייך נאָך דער שול לויפט טאַקע טימקע אין פערדשטאַל, צו קודרען. און ווער רעדט, אויב מע קאָן נאָך אויסבעטן באַם עלטערן ברודער, בא ניקאָלייען, די באַלאַלייקע, איז גאָר גוט. ניקאָליי האָט שוין לאַנג צוגעזאָגט אוועקשענקען זי דעם מוזיק־קרייז פון אָטריאַד.

אין פערדשטאַל איז פינצטערלעך. און טימקע זעט דער-

ווײַל קײן זאַך ניט. ער הערט נאָר עפּעס כראָפּעט, עפּעס קײַט, קלינגט. ער הערט אױך קודרעס גוזמיטיק רײדן:

— מעכוטענעסטע, עטוואָס צוריק! אנו! באַװײַז דאָס פּיסל. באַװײַז! װײַטער די טלאָ צעשפּאָלטן. עך, דו! סיװקאַ־בורקאַ! און דו, שפּרינגער, קריך ניט! לאָז אופּ־ראַמען! לאָז!

און דערהערנדיק דאָס סקריפּען פֿון דער טיר, צע־שרײַט ער זיך:

— דו, טימאָק? גיכער פאַרמאַך — װעסט מיר פאַרקילן די פֿערד!

ביסלעכװײַז הײבט אָן טימקע זען: עקן, פּיס, בײַכער, מאָרדעס. אהינטער די פֿערד שפּרינגט אום קודרעס פּאַ־פּאַכע. די פֿערדשטאַל איז אַ קלײנע, אַן ענגע, אָבער דאָס איז נאָר דערװײַל. װי נאָר דער שנײ װעט צעגײן, װעט מען בױען אַ נײַע פֿערדשטאַל, אַ גרױסע, אױף 90 פֿערד. דער פּלאַן הענגט שױן אין פאַרװאַלטונג. עמעס, די נײַע שטאַל װעט קאָסטן ניט אײן טױזנטער, דערפֿאַר װעט עס שױן אָבער זײַן אַ שטאַל...

די פֿערד אָטעמען אױף טימקען. ער גלעט זײ, פּאַטשט איבער די קײַלעכדיקע בײַכער... ער קען אַלע קודרעס פֿערד. אָט איז די אַלטע, סיװע „שוטקע". אָט איז „ראַפּי־נאַד" — אַ הױך, שװאַרץ פֿערד מיט אַ לאַנגער גריװע — אַ פֿרײלעך פֿערד. אָט איז „סאָװאַ" — נאָך גאָר יונג, אָבער פֿױל — אַ שרעק! אָט איז „קומאַ" — אָן אַ בײַטש, אױך ניט פֿון אָרט. און דער?..

— כאווער קודרע, א נײַס? — ווּנדערט זיך טימקע, —
ט א מאָגערס!..
— א נײַס, — ענטפערט קודרע, — נוצנ האָט מענ פונ
ים ווייניק צוויי פּאָרציעס פארשיט איך אים, פאריבט
יך ניט.
— ווּעמעס איז עס געווען? — טימקע טאפּט מיט ראכ־
גענעס די שארפ סטארטשענדיקע בייגער. — ניט דעמ צי־
ײַנערס?
— נו יאָ, זײַנס. — ענטפערט קודרע, — פארפײַניקט דאָס
פערד. איבערגעטריבנ!
— הייסט עס, מע האָט אים אָנגענומענ אינ קאָלווירט?
— אָנגענומענ. — קודרע קוועטשט מיט די ברייטע פליי־
צעס. פונ אים שיכנ זיך שטרויעלעכ. — וואָס מאכט מענ
מיט אים? א ציגײַנער איז אויכ א מענטש. זאָל ער אויכ
פארזוכנ פוייערשע ארבעט. אים וואָלט געווענ באקוועמער
אינ אנ אייגענעמ קאָלווירט. אינ א ציגײַנערשנ. אינ אונד־
זערע געגנטנ הערט מענ גאָר ניט פונ אזעלכע!
טימקע קוקט אפנ נײַעמ פערד. וויאזוי ער דרייט מיטנ
שיטערנ עק אונ שלינגט זײַנ פּאָרציע היי. ער דערמאָנט
זיך אָנ דעמ דארנ ציגײַנער. דעמ באוואָקסענעמ מיט שוואר־
צע האָר. ער איז אומגעגאנגענ איבערנ קאָלווירט. היינ־
טער זיך געשלעפּט אפּ א שטריקל דאָס מאָגערע פערד
אונ געבעטנ זיך. מע זאָל זיי ביידע ארײַנעמענ אינ קאָל־
ווירט.
— א סקעלעט. — זאָגט קודרע. — אויב ביזנ פארזיי

וועס מען אים קאָנען אביסל אויספּאַשען, וועט זײַן גוט. — ער גיט א מאַך מיט דער האַנט:

— אנו, טימאָק! שפּיל עפּעס אויס!

אַזוי קומט טימקע צו קודרען קימאַט אַלע טאָג. און אַט ווערן שוין די טעג גרעסער, א סאַך גרעסער. די זון וואַרעמט שוין גאָר שטאַרק, באַלד הייבט מען זיך שוין אָן קלײַבן אין פעלד אַרײַן! אין שמידערײַ קלאַפּט און קלינגט איבערן גאַנצן דאָרף. בריגאַדעס קלײַבן זיך. באַטראַכטן, ווען מען וואָסער פערד, ווען מען וואָסער זיי־מאַשין און אַלע איבעריקע זאַכן. אַלץ ווערט קאָנטראָלירט, ווי און וואָס.

אינדערפרי איז נאָך דער סטעפּ האַרט ווי שטיין און באַטאָג, אַז די זון גיט זיך א נעם — פּאַרטיק: בלאָטע און בלאָטע, פונדעסוועגן קלעפּט זי זיך צו די פיס. אָבער טימקע גיט זיך אָן אײַצע — אין דעם ברודערס גרויסע שטיוול דערקריכט ער ביזן שטאַל. פונוויטן זעט ער: קודרע האָט אַרויסגעטראָגן דעם גאַנצן געשפּאַן אויף דער פרישער לופט. צעהאַנגען באַם שטאַל און שמירט.

— טימאָניא, דו? — שרײַט פונדערווײַטן פרײלעך קודרע. — וווּ זשע איז דײַן מוזיק?

די זון איז העל, דער שניי איז אַראָפּ, פון סיוואַש בלאָזט א וואַרעמער ווינט.

— כאַוועער קודרע, — זאָגט טימקע און פאַרוקט די הענט אין די קעשענעס, — פון אָטריאַד האָט מען מיך צו דײַן שטאַל צוגעשיקט.

קודרע האָט א קוק געטאָן אף טימקען און אין שפּאס געמאכט אזא באוועגונג, פּונקט ווי ער וויל אים אויס־שמירן מיט דזעגעכץ:

— צו־געפּעס־טיקט? צו וואָס צו־געפּעס־טיקט?

— אָט אזוי, צוליב קאָנטראָל.— טימקע האָט ארויסגע־שלעפּט פון קעשענע א העפטל מיט א שטיקל בלייער.— אָט באלד וועסטו הערן, מיר האָבן פארשריבן: צו קאָנט־ראָלירן,— לייענט ער, די גרייטקייט פון דער לעבעדי־קער שלעפּקראפט צום פּרילינג־פּארזיי. אָט! בא מיר זיינען פארשריבן די פראַגן אויך... זאָגן?

קודרע שווייגט און אף טימקען קוקט ער מער ניט. ער שטייט אויף, הענגט אויף די צוים, וואָס ער האָט געהאלטן אין האנט, אף א צווייגל, ווישט אָפּ די פינגער מיט א שמאטקע און זשמורעט זיך אף דער זון פון אונטער דער ריזיקער פּאפּאכע...

ענדלעך זאָגט ער:

— נו, ביסטו א צוגעפּעסטיקטער, טאָ לאָמיר מאכן די עקסקורסיע, איידער די זון איז פארגאנגען.

ער האָט אָנגעהויבן ארויספירן די פערד פון שטאל. טימ־קע האָט אים געהאָלפן די פערד. די פערד האָבן זיך גענומען אים געלייב גענומען העלפן. די פערד האָבן זיך ניט געקערט זיך געקערט און לאנגזאם היי פונעם אָפּגעריסן גערן אָפּגערען זיך צו דער אָפענער טיר. ארויסגייענדיק אף דער פרישער לופט, האָבן זיי געציטערט, געפינטלט מיט די אויגן, גיריק געצויגן אין זיך דעם סטעפּישן ווינט און מיט אויסגעצוי־גענע העלדזער הילכיק געהירזשעט.

— אַט קאָנסטו זען, — האָט געזאָגט קודרע, — דעם ציגײַנערס איז געוואָרן א סאך גלאטער. ביסטו א צוגעפּעסטיקטער און דו פארצײכנסט, טאָ צײכן אלצ...

אינאָוונט זיצט טימקע איבער א נאָטיצ פאר דער שול־צײַטונג. אינ שטוב איז קײנער ניטאָ. דער טאטע מיט דער מאמענ זײַנענ אפ א בריגאדע־פארזאמלונג. טימקע טראכט לאנג, נעצט דעם בלײַער און הײבט אָנ: „הײַנט בינ איכ געווענ אינ פערדשטאל"... און ווײַטער ווײסט ער ניט, ווי צו שרײַבנ. דאָס קעראָסינ־לעמפל זשיפּעט אינ דער שטיל. „מע דארפ בעטנ קאָלקענ, — טראכט טימקע, — וועט ער העלפנ".

שפּעט, עס ציט אים צום שלאָפ, די אויגנ קלעפּנ זיכ, אָבער ער האָט מוירע צו לײגנ זיכ אלײנ. ער קוקט א שלעפּעריקער אפ די פינצטערע פענצטער, ציט אויס די הענט אפנ טיש און לאָזט אפ זײ אראָפּ דעם שווער־געוואָרענעם קאָפּ...

— טימאָכע, שלאָפנ גײ! — האָט אים אופגעוועקט דער ברודער.

ניקאָלײַ האָט מיטגעבראכט זײַנע כאווײרים — דעם געלבסעמיאָנענ, וואָס ארבעט אינ מיל, און קאטיענ פונ דער גאָרטנ־בריגאדע.

טימקע האָט זיכ אופגעהויבנ א שלעפּעריקער.

— קאָלקע, דאָ דארפ מענ אָנשרײַבנ — האָט טימקע געריבנ די אויגנ: — זאָג, וועסט העלפנ?

— מאָרגנ! מאָרגנ! — ענטפערט ניקאָלײַ, — לײג זיכ!

טימקע לייגט זיך. אין שלאָף הערט טימקע, ווי די קאָמ־יוגיסטן שעפּטשען זיך: קאָנטראָל, צוגרייטונג, פּרילינג־פּאַרזיי... די פערד...

— מע דאַרף אַ טאָפּ טאָן, צי היט מען באַ אונדז גוט די פערד — זאָגט שטיל ניקאָליי,— מיר זײַנען דאָך עפּעס שעפּן איבער די פערד!

— ריכטיק—שעפּטשעט דער געלער סעמיאָן—אָבער ווי־אַזוי?

— אָט, הער...— ניקאָליי בייגט זיך צו נאָענט צו סעמ־יאָנס אויער.

„זיי גרייטן זיך אויך",— טראַכט טימקע אײַנשלאָפנדיק: „ניקאָליי זאָל זיך נאָר צו מײַן שטאַל ניט צופּעסטיקן. דאָרט וועל איך שוין אַלץ מאַכן אַליין".

שפּעטער כאַפּט זיך אויף טימקע אַ צווייט מאָל—געקומען דער טאַטע מיט דער מאַמען. טימקע גיט אַן עפן די אויגן. אים וווּנדערט, וואָס קאָלקע איז ניטאָ. ווו קאָן ער זײַן אַזוי שפּעט?

סאַמע פּאַרטאָג האָט ער זיך ווידער אופגעכאַפּט— דאָס האָט אים קאָלקע אופגעוועקט:

— גיב זיך אַ רוק אַ ביסל — צעלייגט זיך ווי אַ גראַף...

קאָלקע מיט טימקען שלאָפן צוזאַמען.

— וועסט אָנשרײַבן?—האָט זיך פּלוצעם דערמאָנט טימקע.

קאָלקע ענטפערט ניט.

טימקע דרייט זיך צונויף ווי אַ ווערעמל און רוקט זיך

אוועק פונ קאָלקענ — בא אימ זײַנענ הײַנט די פיס מאָדנע קאַלט!..

...אינדערפרי זיצט טימקע מיט די קינדער אפנ וועגל אונ האלט מילכאָמע פאר די לייצעס. אלע ווילנ האלטנ די לייצעס אונ אָנטרײַבנ דעמ „שאכ־מאָנאכ״. „שאכ־מאָנאכ״ איז א קעמל. אינ די בלאָטיקע טעג פאָרנ זיי אפנ קעמל אינ שול. „שאכ-מאָנאכ״ ווארט געדולדיק אונ ווארפט בליקנ אפ די קינדער.

— נגאָ, שאכ־מאָנאכ! — שרײַט טימקע.

— טפרו, שאכ-מאָנאכ! — שרײַט סאשקע נאָוויקאָוו אונ אנדערע.

ענדלעכ האָט מענ באשלאָסנ: אלע האלטנ די לייצעס לויט דער ריי. טימקע האלט זיי דער ערשטער. פריילעכ טרײַבט ער אָנ דעמ „שאכ־מאָנאכ״. דער קעמל בײַט שנעל זײַנע דינע טונקעלע פיס.

— אי־עכ! — שרײַט טימקע א צופרידענער.

פונ הינטערנ סטעפ הייבט זיכ אופ די גרויסע רויטע זונ. אונ פלוצלינג זעט טימקע: מיטנ וועג לויפט א מענטש אונ פונ אימ א בלויער שאָטנ אפנ גאנצנ סטעפ.

— אי־עכ! — שרײַט טימקע, — ב ע ר ע ג י ס!

אָבער דער מענטש הערט גאָרניט. ווי א שיקערער, לויפט ער אָנ א היטל, מאכט מיט די הענט.

— ווארט נאָר, דאָס איז דאָכ קודרע! נאָר אָנ א היטל! — שרײַט טימקע — נא! — ער האָט האסטיק א וואָרפ געטאָנ די לייצעס סאשקע נאָוויקאָווג אונ איז אראָפגעשפרונג־

געב פרב וועגל. ער האָט זיך אוועקגעלאָזט נאָך קודי־
רענ.

— כאווער קודרע, וווּהינ? איך בינ דאָך דײַנ צוגע־
פעסטיקטער! ניט דערקענסט דיך אָנ א היטל...

קודרע האָט זיך אָפּגעשטעלט. א שמוציקער, א מי־
דער, ער האָט שווער געאָטעמט. מיט א שווערער האנט
האָט ער א קלאפּ געטאָנ טימקענ איבערנ אקסל:

— אונ „ראפינאדנ" האָבנ מיר מיט דיר פארשלאָפנ,
טימאָפיי!

— וויאזוי? — האָט זיך דערשראָקנ טימקע.

— אָט אזוי, אוועקגעגאנוועט! דאָס בעסטע פערד
אוועקגעגאנוועט!

טימקע קוקט א דערשראָקענער אפ קודרעס נאסע
אויגנ, דאָרט בלישטשעט די זונ מיט צוויי רויטע פינטע־
לעך. טימקע פילט: ווענ ער צעווײנט זיך איצט, וואָלט אים
געוואָרנ א סאך לײַכטער.

— זיי וואָלטנ כאָטש אנ אנדערס גענומענ... דאָס בעס-
טע פערד! דאָס בעסטע פערד! — רעדט קודרע אויסער
זיך כאר ווייטעק אונ פארדראָס.

— ווער זשע האָט עס געקאָנט טאָנ? ווער, מײנסטו? —
האָט שטיל געפרעגט טימקע.

— ווער ווייסט... ווער ווייסט... — קודרע האָט אָנמעכ־
טיק צענומענ די הענט: — זאָל איך טראכטנ אפנ ציגײַנער...
ניטאָ אפ וועמענ צו טראכטנ... סײַדנ אפ אים... באנאכט
דאָס פערד ארויסגעפירט!

— באַנאַכט, זאַגסטו?

דאָ האָט זיך טימקע פלוצלינג אָנגעפּעס דערמאָנט. ער האָט זיך דערמאָנט נעכטיקן שמועס קאָלקעס מיט די קאָמיוגיסטן. ער האָט זיך דערמאָנט קאָלקעס קאַלטע פּיס...

— וואַרט, קודרע! — האָט אויסגעשריגן טימקע, און איז גלייך ניט געוואָרן.

ניט ווייסנדיק וואָס צו טאָן, איז קודרע אַוועק צו דער שמידעריי. דאָרט האָט געאַרבעט דער ציגיינער. אָבער ער האָט נאָך ניט באַוויזן אַריינגיין אין שמידעריי, ווי ער האָט דערהערט הינטער זיך א טאָפּען פון א פערד. ער גיט זיך א קער און זעט: טימקע טראָגט זיך, ווי א ווינט, אויפן הויכן „ראַפּינאַד". קודרע האָט זיך א לאָז געטאָן אַנטקעגן. ער האָט זיין געליבט פערד געגלעט, געטאַפּט, געגלעטשעט, אַרומגענומען, געקושט:

— ווי זשע איז דאָס פאָרגעקומען? ראַפּינאַדושקע! פון וואַנען קומסטו, פערדעלע מיינס?

— א שפּיצל אַזאַ האָבן זיי דיר אָפּגעטאָן, די קאָמיוגיסטן אונדזערע, ניקאָלייקע אונדזערער, — האָט דערציילט טימקע, — זיי האָבן דיך געוואָלט דורכקאָנטראָלירן, ווי דו היטסט אָפּ די פערד.

אָבער קודרע האָט אים שוין ניט געהערט — ער האָט אַלץ געגלעטשעט זיין „ראַפּינאַד".

דערנאָך, אַז דער פאָרזיצער פון קאָלווירט האָט זיך דערוווּסט פון דער געשיכטע, האָט ער זיך זייער געקאַסט אויף די קאָמיוגיסטן:

— איבערן קאָפּ דאַרף מען געבן פֿאַר אַזאַ קאָנטראָל!

— איבערן קאָפּ, דאָס איז ריכטיק, — האָט גוטמוטיק געזאָגט קודרע, — אָבער איבער זיי איז מיר אײַנגעפֿאַלן אַ שלעכטער געדאַנק וועגן ציגײַנער — אָט וואָס עס טויג ניט. דערנאָך האָב איך איבער דעם די פּאַפּאַכע פֿאַרלאָרן, אַ גוטע פּאַפּאַכע געווען...

# א לייבלעבע מומע.

די אָטריאַד-וואָזשאַטע אָלגע האָט אפּנ צוזאַמענקומ דער־ציילט:

— דאָ איז פונ קאָמיוג געווענ דאַנטשענקאָ. פאַר דער קאָלווירט-צײַטונג דאַרפנ זיי א קינסטלער.

זי האָט געפרעגט:

— וועמענ וועלנ מיר אויסשטיילנ?

— אונדזער רינג וועט אויסשטיילנ! אונדזערער! — האָט זיכ צעשרײַענ קאָלקע. —

— וואָלאָדקע צייכנט בא אונדז גוט.

— נו, ניינ, ליזקע צייכנט בעסער. — האָט זיכ די רינג־וואָזשאַטע סאָלאָמינאַ אײַנגעשטעלט פאַר ליזקענ.

— וואָלאָדקע מאַכט טראַקטערס!

— אונ ליזקע מאַכט מענטשנ!

— וועסט גיינ, ליזקע? — האָט געפרעגט אָלגע.

— איכ קאָנ גיינ, אַריב די מומע וועט לאָזנ — האָט זי שטיל צוגעגעבנ.

ליזקע האָט געוואָלט גיינ גלײַכ נאָכ דער שול, אָבער

די מומע האָט זי פאַרהאַלטן. ליזקע דאַרף בא איר טאָן אַלץ: אופראַמען, קאָכן, וואַשן, ניאַנטשען דעם קליינעם וואַסקען. זי טוט טאַקע אַלץ. ליזקע איז אַ פאַריאָגטע און האָט מוירע פאַר דער מומען. די מומע אַליין זיצט אויך ניט ליידיק. זי האָט אַ סאַך זאָרג און איז אַ גאַנצן טאָג אַפ די פיס. דערפאַר איז זי שטענדיק אַ צעררייצטע. זי שרייַט און בייזערט זיך אַפילע אַפן מאַן. אָבער ליזקען איז דער־פון ניט גרינגער. שטייט ליזקע אַן איבערגעבויגענע אי־בערן מולטער און וואַשט ווינדעלעך פאַר וואַסקען. דאָס רויטע האַלדזטיכל האָט זי אויסגעטאָן, קעדיי ניט אײַנצור־נעצן. קאַטערינע אַליין האַלט באַם טיש דאָס קליינס. מיטן עלנבויגן שאַרט אָפּ ליזקע קעסיידער די האָר פון די אויגן און קוקט אַפ די פענצטער. ווי בעקיוון פאַלט גיך צו די נאַכט.

אָט זײַנען די פענצטער גרוי... און אָט שוין בלוי...

ליזקע האָט מוירע צו גיין, ווען עס איז פינצטער. אָבער גיין מוז מען.

די שויבן זײַנען שוין אינגאַנצן פינצטערע. ליזקע האָט אויסגעדרייט דאָס לעצטע ווינדל, אופגעטרייסלט, אויסגע־האַנגען באַם אויוון, אויסגעגאָסן דאָס וואַסער און גלײַך אַרויסגעצויגן פון הינטערן שפּיגל די פאַרביקע בלײַ־ערס. בלײַערס האָט זי דרײַ שטיק — אַ געלן, אַ גרי־נעם און אַ רויט-בלויען, אַזוי אַז מע קאָן אַפילע רעכע־נען פיר.

— ווּהין קלײַבסטו זיך? — פרעגט קאַטערינע.

ליזקע טוט אָן דאָס האלדזטיכל און וויקלט זיך ארום מיט א פאטשיילע.

— איך דארף גיין.

— וועסט אין ערגעץ ניט גיין! — האָט זיך צעבייזערט קאַ־טערינע, — אָנגעטשעפּעט דעם האלדזבאנד... ליידיקגייערג... נעם וואסקען!

— איך וועל ניט נעמען — האָט זיך איינגעשפּארט ליז־קע, — איך מוז... — און איז ארויסגעשפּרונגען פון שטוב. אין פירהויז האָט זי געטראָפן דעם אָנקומענדיקן פּעטער.

— אוך, ס'ארא יאָגעניש! קאָנסט אזוי הארגענען א מענטש!

— פּעטער! — האָט אים שנעל געגומען אויסדערצײלן ליזקע, — דער אָטריאַד האָט מיך אויסגעטיילט, און די מומע לאָזט ניט. איך האָב אלץ אָפּגעטאָן, און זי לאָזט ניט...

— נו־נו, — האָט זי בארויקט דער פּעטער, — אז דער אָט־ריאַד האָט אויסגעטיילט, דארף מען גיין. גיי, גיי, האָב קיין מורא ניט...

ליזקע גייט. דער ווינט יאָגט אָן צעשויבערטע וואָלקנס. דאָ באווייזט זיך די לעוואָנע, דאָ באהאלט זי זיך. א שוואַ־כע בלויע שיין ציט זיך אדורך איבערן דאָרף, דערנאָך לויפט אָן א שווארצער שאָטן, און אזוי בייטן זיי זיך קע־סיידער — די בלויע שיין מיט די געדיכטע שאָטנס. הינטערן קלויסטער־פּארקן רוישן די הוילע ביימער. דער ווינט פליקט אראָפּ פון זיי און ווארפט אפ ליזקען די סאמע לעצטע טרוקענע בלעטעלעך. שווארצע צלאָמים קוקן

ארויס פון הינטערן פּארקן. ליזקען איז אומהיימלעך, אָבער זי גייט פעסט. אינעם זייפּ־קעסטעלע „פּיאָנער״ קלאַפּן די בלייַערס.

ליזקע איז שוין אפן אָרט. אין צימער איז ליכטיק און וואַרעם. באַם טיש האָט זי דערזען דאַנטשענקאָן, אָל־גען, איר שרעק איז ווי ניט געווען.

דאַנטשענקאָ זיצט איבער דער וואַנט־צייַטונג און שרייַבט „קעפּלעך״ מיט א פּענדזל. ער האָט זיך אומגע־קוקט.

— וואָס דאַרפסטו, מיידעלע?

— מיך... דער אָטריאַד...— ליזקע האָט זיך נאָך גע־דאַרפט אָפּאָטעמען.

אָלגע האָט איר איבערגעשלאָגן:

— דאָס איז דאָך אונדזער קינסטלערן. דו האָסט גע־בעטן!

— אָ, אויסגעצייכנט! — דאַנטשענקאָ האָט זיך אויסגעע־גלייַכט, — ס׳אַרא קליינינקע!.. נו, טו זיך אויס. וואָס עפּעס אַזוי שפּעט?

ליזקע איז אַרופ אפן בענקל, געשטעלט זיך אפ די קני און אַרויסגעלייגט די בלייַערס.

— עהע! בלייַערס האָסטו אויך! — האָט זיך דערפרייט דאַנטשענקאָ, — הער זשע, — האָט ער איר גענומען דערקלערן די אופגאַבע: — דאָ וועסטו אָנצייכענען די כאַזערשטאַל. אונדזער כאַזערשטאַל, ווייסט?

— אוהו — האָט ליזקע א צי געטאָן מיט דער נאָז.

— געדענק זשע, — האָט ער ווײַטער דערקלערט, — אין כאַזערשטאַל — כאַזיירימלעך מיט אַ כאַזער־מוטער, און אינמיטן ליגט די ציכטלערן. זי שלאָפט און זעט גאָרנישט. פון דער נאָז פליען באַ איר אַזעלכע: כר... כר... כר... זי כראָפעט, הייסט עס. דו קענסט אונדזער ציכטלערן?

— יאָ.

— געדענק זשע, עס זאָל זײַן ענלעך.

ליזקע איז פלוצלינג צוריק אָן ווערטער אַראָפגעקראָכן פון בענקל און האָט גענומען צונויפלייגן די בלײַערס:

— ניין, דאָס קאָן איך ניט.

— וואָס הייסט, דאָס קאָנסטו ניט? — האָט זיך פאַרוווּנדערט דאַנטשענקאָ און האָט זי אָנגעכאַפט פאַר די שפּיצן פון האַלדזטיכל. — פאַרוואָס קאָנסטו דאָס ניט?

— דאָס איז מײַן מומע, — האָט געזאָגט ליזקע, — אַפּ וועמען איר ווילט, אָבער ניט אַפּ דער מומען. אַפּ אַן אייגענער וויל איך ניט.

— זי וועט אונדזו די כאַזיירימלעך קאַליע מאַכן, — האָט געזאָגט דאַנטשענקאָ, — אַט וועט דיר זײַן אַן אייגענע.

— זי איז אַ בייזע. זי וועט זיך דערוויסן, וועל איך שוין האָבן פון איר. דו ווייסט ניט, ס'אַראַ בייזע זי איז...

— און דאָס וואָס איז? — דאַנטשענקאָ האָט צוגעטראָגן דעם שפּיץ פון האַלדזטיכל סאַמע צו ליזקעס נאָז, — ווייסט, צוליב וואָס דו טראָגסט עס?

ליזקע האָט אַ קוק געטאָן אַפן רויטן שפּיץ, דערנאָך אַפּ אַלגען.

— ווער האָט דיך געשיקט? דער אָטריאַד! דער אָט־ריאַד איז פאַראַנטוואָרטלעך! — האָט געזאָגט אָלגע.

„דער אָטריאַד! — טראַכט ליזקע, — דער אָטריאַד האָט געשיקט״! וואָס וועט זי מאָרגן זאָגן די קינדער? קיין זאַך ניט געמאַכט? דאָס קאָן זי ניט. אָבער אַף דער מוֹמען קאָן זי אויך ניט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַ צײַט איבערגעקליבן די בלעטער אין בלעכענעם קעסטעלע. אַפן דעקל איז געווען אָנגעצייכנט אַ דרייסטער, אַ פרייליכער פּיאָנער, הינטער אים אַ העל־רויטע פאָן. ליזקע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן דעקל.

— נו? — האָט געפרעגט דאַנטשענקאָ.

ליזקע איז שוין צוריק אַפן בענקל. זי שפּאַרט זיך אָן מיט די עלנבויגנס אַפן טיש, אַ פאַרזאָרגטע באַטראַכט זי די צײַטונג:

— וווּ דאַרף מען צייכענען?

---

אינדערפרי האָט מען די צײַטונג אַרויסגעהאַנגען. אין גאָרקיך האָבן זיך געקליבן קאָלווירטניקעס. אַלע האָבן זיך געשפּאַרט אַרום פרישן נומער פון „אַפן ריכטיקן וועג״.

געקומען איז אויך קאַטערינע.

„אַהאַ, זי איז דאָ!״ האָט אַ טראַכט געטאָן די קעכן.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט זי געזאָגט — דו קאָכסט דאָך אין דער היים!

— ווו איז די וואַנטצײַטונג? — האָט מיט כּעס געפרעגט קאַטערינע

א פּאָר לייענער זײַנען אָפּגעטראָטן, קעדיי צו געבן קאַטערינען אַן אָרט באַ דער צײַטונג.

— וואָס איז דאָ וועגן מיר אָנגעשריבן?

— דו זע בעסער, וואָס דאָ איז אָנגעמאָלט. — די קעכן האָט מיטן קאָכלעפל איר א ווײַז געטאָן אַפ ליזקעס קאַ־ריקאַטור.

קאַטערינע קוקט: כאַזיירימלעך... די כאַזערשטאַל... פּלוצלינג איז זי רויט געוואָרן און האָט האַסטיק אויס־געשטרעקט די האַנט צו דער צײַטונג...

— דאָס ניט — האָט די קעכן זי אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט — א געזועלשאַפטלעכע זאַך! באַ דער אַרבעט טאָר מען ניט שלאָפן.

עמעצער האָט א לאַך געטאָן. קאַטערינע האָט זיך אומ־געקוקט און א געשריי געטאָן: „וואָס הירזשעט איר שיי־דים?!“ און איז אַרויסגעלאָפן פון גאָרקיך.

די רינג־וואָזשאַטע סאָלאָמינאַ האָט בייסן איבערײַס אויסגעפרעגט ליזקען.

— האָסט אָנגעצייכנט?

— אָנגעצייכנט.

— גוט אַרויסגעקומען?

— גוט און ניט גוט. די מומען האָב איך אָנגעצייכנט. איצטער האָב איך מוירע אַהיים גיין. זי וועט זיך דערוויסן, וועט זײַן ביטער.

דעם גאַנצן גרויסן איבערײַס האָט זיך סאָלאָמינאַ גע־

שעפּטשעט מיט אַלגען אין לערער־צימער. און נאָכן לער־
נען האָט זי צונויפגעקליבן איר רינג.
— כעוורע! — האָט זי געזאָגט, — ליזקע האָט מוירע צו
גיין אהיים, די מומע זאָל זי ניט שלאָגן.
— זאָל זי צו אונדז גיין, — האָט געזאָגט קלאוועקע, — זי
וועט שלאָפן מיט מיר.
— ניין, דאָס טויג ניט, — האָט עמעצער גלייך אָפּגע־
וואָרפן דעם פּלאַן.
— אָט אזוי וועט זיין בעסער, — האָט געזאָגט מארוסקע
סאָלאָמינא, — ליזקע גייט אהיים, און מיר גייען מיט איר
אז מיר וועלן זיין דערביי, וועט מען זי ניט טשעפּען.
פון שול האָט זיך צו ליזקען אהיים אוועק־
געלאָזט א גאנצער „ווזוואָד“. פון פאָרנט איז געגאַנ־
גען מארוסקע סאָלאָמינא מיט ליזקען, הינטער זיי שורקע
מיט קלאוועקען, וואסקע און אלע איבעריקע.
כעוורע איז געבליבן אויף דער גאס, און ליזקע איז
אריין אין פירהויז. ווי נאָר זי האָט געעפנט די טיר, האָט
די מומע אָפּגעשטעלט אָן א זייט דעם סאמאָוואר (זי האָט
זיך געקליבן אים שטעלן) און גלייך אויף ליזקען:
— אך, דו, טויגעניכץ! א לייבלעכע מומען! מיינסט,
איך ווייס ניט, ווער עס האָט אָנגעפּאצקעט? — זי האָט
א כאפּ געטאָן ליזקען פאר די האָר.
ליזקע האָט זיך צעשריען. עס האָט זיך געעפנט די טיר
און ס׳האָט זיך אריינגעריסן כעוורע.
— טאָרסט ניט שלאָגן ליזקען! זי איז פון אונדזער

רינג, — איז ווי א הענדל פּאָרויס ארויסגעשפּרונגען וואס־קע.

— וואָס פאר א רינג? וואָס דערציילט איר מיר — רינג? — האט געשריען קאטערינע, אָבער ליזקען האָט זי פרייגע־לאָזט.

— מארש פונדאנען! — האָט זי זיך צעשריען אפ די קינדער.

מארוסיע האָט אָנגענומען ליזקען פאר א האנט.

— קיינע מארשן, און שלאָגן זיך טאָרט איר ניט! מיר וועלן זיך קלאָגן אפ אייך אין פאַרוואלטונג.

— און פאַרוואָס מאכט זי פון מיר כויזעק?

— שלאָפט ניט בא דער ארבעט!

איצטער האָבן זיך צעשריען די קינדער:

— אין די יאסליעס גיט אָפּ דאָס קליינס!

— און עסן גייט אין גאָרקיך!

— ליזקען זאָל זיין גרינגער! זי איז נאָך אליין א קליינע!

קאטערינע האָט נאָך אלץ געטריבן די פּיאָנערן, אָבער זיי זיינען ניט אוועקגעגאנגען. זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אפ די בענק, פונקט ווי איינגעלאדענע געסט, און אגיטירן...

— אָט וועלן מיר דיר בעסער דעם סאמאָוואר אָנ־שטעלן, — האָט געזאָגט מארוסיע.

— און איך קאָן א ביסל האלטן דאָס קליינס, — האָט צו־געגעבן קלאוקע. — אך, דו, קוקערל!

קאטערינע האָט זיך ביסלעכווייז גענומען אונטער־געבן.

אז סטעפּאַן איז געקומען פון דער אַרבעט, איז ער גע־
ווען זייער פאַרוווּנדערט: די שטוב איז געווען פול מיט קינ־
דער. אַלע זיצן באַם טיש, קאַטערינע פּויעט זיי מיט טיי
און רעדט, ווי מיט גלייַכע:

— איך בין דען אַ שלעכטע? אַלץ נאָר דערפאַר, וואָס
איך האָב ניט קיין בארוטע מינוט. אָט וועל איך איצטער
פּרוּוון אַזוי, ווי איר זאָגט. עפּשער וועט טאַקע אַרויס־
קומען בעסער.

דערזעענדיק דעם מאַן, האָט זי אויך צו אים מיט גוטן
געזאָגט:

— זעץ זיך, שלימאַזל, צום טיש, וועסט אויך אויסטרינקען
אַ גלעזל טיי...

סטעפּאַן האָט זיך געזעצט לעם ליזקען און זופּנדיק
פון טעצל די הייסע טיי, האָט ער זיך צו איר אַ קער גע־
טאָן:

— געדענקסט, איך האָב געזאָגט, די מומע איז באַ
אונדז גאָרניט אַזאַ בייזע. זי ווערט טאַקע גיך אין קאַס, —
ער האָט פאַרזיכטיק אָפּגעביסן אַ שטיקעלע צוקער, — אָבער
גלייַך ווערט זי צוריק אָפּגעקילט.

# א שמועס

איך בין ארויס פון שטוב און געזעצט זיך אפן קלאָץ. ס'איז געקומען דאָס ייִנגל פעדיע, און מיר האָבן זיך גע־שמאַק צערעדט.

— מיר איז איצטער גוט, — האָט געזאָגט פעדיע, — ליי־ענען האָב איך זיך אויסגעלערנט!

פעדיע זעצט זיך רײַטנדיק אפן קלאָץ און שפּרינגט אונטער.

— נ־נאָ! — און פּלוצלינג. — פּעטער, פינף קאָפּעקעס איז א סאַך?

— ניין, וואָס איז?

ער גלעט דעם קלאָץ, ווי ער וואָלט געגלעט א פערד.

— די מאמע איז בא מיר זייער א קאָמישע, אין גאָט גלייבט זי. קיינער גלייבט ניט בא אונדז, ניט דער ברודער, ניט די שוועסטער, און זי גלייבט.

— און דו אליין?

— איך אליין? טפרר... — האַלט ער אָפּ דאָס „פערד“ — פון די פּאָפּן שטאַמט דאָס אַלץ, איך ווייס...

— וואָס זשע לערנסטו ניט אויס-אויך די מאמע?

ער גיט א צי אויס אין דער הייך די הענט, ער ציט אָן, הייסט עס, די געדאכטע לייצעס.

— דו מיינסט, כ'האָב ניט געזאָגט? צוואנציק מאָל!

— נו?

— זי פאָלגט ניט. זעסט דאָך! איצטער האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען, און איך וויל זי לערנען פון ביכל פאראן אזעלכע ביכלעך?

— פאראן.

— אָט ווען איך האָב אזא! — א פארטראכטער האָט ער עפעס אָנגעהויבן רעכענען.

— נאָך-א פיטאק, און נאָך א פיטאק, און א דרײַקאָפּעקענער פיטאק. עס וועט קלעקן?

— יאָ.

— איין פיטאק האָב איך שוין. אליין פארדינט.

— וויאזוי?

— מע טאָר ניט אויסזאָגן.

— פונדעסטוועגן!

— וועסט קיינעם ניט דערציילן?

— קיינמאָל אין לעבן ניט.

— געדענק זשע. טאָ הער. — ער קריכט אראָפּ פון „פערד” און זעצט זיך הארט לעבן מיר.

— אמאָל, אז איך בין געווען א קלייניקער, פלעג איך פאָרן מיט דער מאמען פארבײַ קלויסטער. דאָרט באַם קלויסטער הענגט א קעסטל, א בלוינקס אזא, און אין

קעסטל—א לעבעלע. יעדעס מאָל שטעלט זיך דאָרט די מאמע אָפּ, גיט מיר צוהאלטן די לייצעס, און ווארפט אין קעסטל א מאטבייע. מיר, אז איך בעט, גיט זי ניט, און אהין ווארפט זי.

— ווייטער! — האָב איך אים אונטערגעמונטערט.

— ווייטער בין איך אוועק אין שול לערנען זיך. א בע, ווע, סע... דו ווייסט?

— יאָ, איך ווייס.

— פארשטייסט נאָך גאָרנישט?

— ניין, איך פארשטיי ניט.

— טאָ הער, — זאָגט ער, ווי א גרויסער, — מיר פאָרן ווידער פארביי קלויסטער און די מאמע קריכט פון וואָגן. פעדיע האָט זיך פאנאנדערגעלאכט.

— דערצייל זשע, — זאָג איך, — און ניט לאך.

— איך מוז לאכן. ווייסט, וואָס אפן קעסטל איז געווען אָנגעשריבן? איך האָב גלייך איבערגעלייענט: פּאָסט־קעסטל!

„ווארט! — שריי איך צו דער מאמען, — ווייסט וווהין דו ווארפסט? דאָס איז ניט קיין גאָט־קעסטל, נאָרא פּאָסט־קעסטל"... די מאמע איז געוואָרן בייז, זי האָט גענומען שפּייען אפן קעסטל... זי טרייבט אָן דאָס פערד און שווייגט... מאמע, זאָג איך צו איר, גיב מיר אויך דעם פּיטאק. ניין, זאָגט זי, דירעוועל איך ניט געבן, דו לאכסט אָפּ פון דער מאמען. דערנאָך האָט זי גענומען און אוועק־

געגעבן, איך זאָל קיינעם ניט דערציילן. זאָלסט אויך ניט דערציילן, געדענק.

פעדיע האָט זיך צוריקגעזעצט אפן „פערד".

— אָט אזוי וועל איך נאָך ערגעצ פיטאקעס פארדינען און וועל איר קויפן א ביכל...

פעדיע איז „אוועקגעשפרונגען", ווארפנדיק מיט די עלנבויגנס און מיט די קני.

# פונקט אזא אויוּוב!

זיַינען מיר אוועק מיט בערלען באָדן זיך. ער איז אַפ נורקעס א מײַסטער, און איך האָב ניט געוווּסט. נעם איך און כאַפּ זיך ארויס:

— א־נו, ווער מאכט א לענגערע נורקע?

— א־נו!

ער — א שפּרונג אין וואסער, איך — א שפּרונג אין וואַ־סער. דערנאָך רוק איך ארויס דעם קאָפּ און קוק זיך ארום: ווּ איז בערל? בערל איז ניטאָ. איך הייב אָן שרײַען: בערל! בערל! בערל איז ניטאָ! איך ווער דער־שראָקן און הייב אָן שרײַען שטארקער: בע־רל!.. דאַן רוקט ער ארויס פון וואסער דעם קאָפּ און לאכט. טראָפּנס זילבערנע רינען פון אים, און ער לאכט:

— נו, ווער מאכט א לענגערע נורקע?

מיר לייגן זיך אויס אפן זאמד. מיר קוקן אפן הימל, מיר קוקן אפן טײַך, מיר וואַרעמען זיך.

— דערציייל גאָר עפּעס א מײַסע — זאָגט בערל, — נו,

דערציִיל, — שפּיִט ער צו, — ווײַבאַלד איך האָב דיך איבער־
גענורקעוועט, פּוזסו!

איך ווייס גאָר נים, וואָס קאָן איך אים דערציילן. אפּנ
מײַנ שווימענ קלעצער, גרויסע קלעצער.. דאָ האָב איך זיך
עפּעס דערמאָנט.

— וועגנ העלצער, ווילסטו? קאָנ איך דיר דערציילנ.

בערל איז מאסקים:

— דערציייל וועגנ העלצער!

איך הייב אָנ אזוי:

— אמאָל האָט געלעבט איינער אנ אלטיטשקער, ער
האָט געלעבט אינ א פאַרוואָרפענעם אָרט, ווו עס זײַנענ
קיינ קאַלענדארנ ניט געווענ...

— אָט די, וואָס מע רײַסט פונ זיי אראָפּ די טעג? —
האָט מיך איבערגעשלאָגנ בערל, — מיר האָבנ אזא...

— איר האָט אזא, אונ יענער האָט ניט געהאט. אונ ער
דארפ וויסנ, ווענ איז שאבעס...

— צו וואָס?

— שאבעס איז בא די פרומע יידנ א רו־טאָג — מע טאָר
ניט ארבעטנ.

פעדיע איז צופרידנ:

— מיר האָבנ אויך אזעלכע אלטיטשקע.

— גוט, — זאָג איך, — שלאָג מיר ניט איבער. אָט וואָס
דעם אלטיטשקנ איז אײַנגעפאלנ. ער האָט אָפּגעקליבנ זעקס
העלצער, אונ יעדנ טאָג ווארפט ער ארופּ איינ האָלצ אפּנ
אויוונ. אז אלע זעקס זײַנענ אפּנ אויוונ, איז מאָרגנ שאבעס...

בערל שיט אף מיר די גאנצע צײַט הײסנ זאמד, אזוי שיט ער אָנ א גאנצ בערגל אונ זאָגט:

— מיר האָבנ אויכ אזא אויוונ, פּונקט אזא אויוונ! אלצ האָבנ זיי! איכ בינ אופגעשטאנענ, איבער די קני האָט זיכ גענומענ שיטנ דער זאמד.

— דאָס קאָנ ניט זײַנ!

— אונ איכ זאָג דיר, אז מיר האָבנ. אָט קומ אינאָוונט, וועסטו זענ.

איכ בינ אוועק צו זיי אינאָוונט. בערל איז אינ שטוב אײנער אלײנ, ער מאכט זײַנע אופגאבעס אף מאָרגנ. עס ווערט פּינצטערלעכ, עס קלאפּט דער „כאָדיק", אף דער וואנט ווײַסט זיכ א קאלענדאר—זיי האָבנ טאקע,—אינ ווינקל שטײט אנ אויוונ. אנ אויוונ, ווי אנ אויוונ, אינ דער טונקל־קײַט קאָנ מענ קײנ זאכ ניט באמערקנ.

— באווײַז דעמ אויוונ! — פאָדער איכ.

— ווארט! — זאָגט פעדיע — אָט קוק, ווי אונדזערע וועלנ באלד אָנהײבנ ארײַנקומענ.

זיצנ מיר מיט אימ באמ פענצטער. מיר קוקנ, ווי דער הימל ווערט טונקעלער. ווי די רויטקײַט גײט איבער אינ בלוי־קײַט. איבער דער ערד שוועבט עפּעס א גרויסע, א ווײַסע זאכ— דאָס קערנ זיכ אומ די גענדז אף דער פערמע. דערנאָכ איז דורכגעגאנגענ א גרויסע טשערעדע שעפּסנ—פונ פאָרנט דער פאסטעכ אונ הינטער אימ די שעפּסנ ווי א גרויער וואָלקנ. דערנאָכ זײַנענ דורכגעגאנגענ די קי, זיי שמײַסנ זיכ מיט

די עקן און מרוקען... דער הימל ווערט אלץ בלויער און בלויער...

עס האָט א סקריפּע געטאָן די טיר, בערלס טאַטע איז געקומען פון דער ארבעט. ער האָט אָנגעצונדן די עלעקטרע און גלײַך צום אויוון. אין אויוון־לאָך האָט ער אָנגעטאַפּט א שטיקל קויל. מיט אים א שמיר געטאָן האַסטיק איבערן אויוון — דורכגעפירט א פאַס. און דאַן ערשט האָט ער זיך מיט מיר באַגריסט.

דערנאָך איז געקומען בערלס עלטערער ברודער מייער. ער אויך — גלײַך צום אויוון, מיטן קויל א פאַס געמאַכט און זיך באַגריסט מיט מיר.

דערנאָך איז געקומען בערלס שוועסטער — מירל. זי אויך, גלײַך צום אויוון. געמאַכט א פאַס און געזעצט זיך צום טיש.

בערל קוקט אַף מיר, און איך קוק אַף אַלעמען און אַפן אויוון. איך האָב זיך צוגעקוקט: דער גאַנצער אויוון איז אויסגעפּאַסעקט פון אַלע פיר זײַטן.

— צו וואָס טוט איר דאָס, ר׳ מוישע? — פרעג איך באַם אַלטן.

דער אַלטער שמייכלט אין באָרד אַרײַן:

— דאָס צייכענען מיר אָפּ די טעג־ארבעט אַפן אויוון. פאַרדינט א טאָג־ארבעט, צייכן אָפּ.

— וואָלט דען ניט בעסער געווען אין א ביכעלע?

— ניין, ניט בעסער — האָט געענטפערט דער אַלטער, — מיר האָבן געפּרוווט. אָבער מיט א ביכעלע איז ערגער.

מיר שטייען איינע מיט די אנדערע אין א געוועט און אפן אויוון זעען מיר גלייך, ווו ווער עס האלט. פונקט ווי אף א ברעט.

דאָ איז אָנגעגאנגען די באלעבאָסטע אליין, בערלס מוטער, און הערנדיק אונדזער שמועס, האָט זי צוגע־שאָקלט מיטן קאָפּ:

— דעם גאנצן אויוון פארשמירט, זיי האָבן גאָר קיין „סאָוועסט" ניט.

דערנאָך איז זי צוגעגאנגען צום אויוון און אָנגעטאפּט דאָס שטיקל קויל:

— ווו זיינען דאָ מיינע טעג די פארדינטע?

געפונען און — דורכגעפּירט א פעטן פאס.

# וואַזעליב

אַראָפּרײַסנ פונ קאַלענדאַר די „טעג" מוז פעדיע אַלײנ, אונ אויב עמעצער טוט עס אָנ אים, איז דערנאָכ אַ סקאַנ־דאַל. אַלע אָוונט קריכט ער אַרופ אַפ אַ בענקל, רײַסט אָפּ זײער פאָרזיכטיק אונ לויפט מיטנ בלעטל צו מיר. פעדיע אַלײנ איז נאָכ אַ קנאַפּער לײענער — מיר לײענענ אײנ־נעמ. אַפ דער לינקער זײַט פונ בלעטל איז אַלע טאָג עפּעס אָפּ־געדרוקט. אָט אַזוי האָבנ מיר שוינ מיט אים איבערגעלײ־ענט אַ סאַכ — וועגנ אונדזערע פירער, וועגנ שרײַבער, וועגנ אַעראָפּלאַנען — אַלערלײ זאַכנ.

אָט איז ער הײַנט אויכ מיטנ בלעטל. ער האָט זיכ גע־זעצט האַרט לעבנ מיר אונ ער מאַטערט זיכ נעבעכ:

— מע דאַרפ אויס... שמי... שמירנ... וואַ...זע...וואַ...

איכ פאַרשטײ ניט:

— וואָס דאַרפ מענ דאָרטנ שמירנ?

— וואַ... זע...

— וואָס איז דאָרטנ בײַ דיר פאַר אַ וואַזעס? גיב שוינ אַהער!

איך נעם בא אים דאָס בלעטל און לייען איבער:

— פארן מעלקן די בעהיימעס דארף מען אויסשמירן דעם אייטער מיט וואזעלין..

— ניט קיין אינטערעסאנטער טאָג היינט,— האָב איך א זאָג געטאָן און אוועקגעוואָרפן דאָס בלעטל.

אָבער פעדיע האָט אויסגעטאָן דאָס היטל, באהאלטן אין אים דאָס בלעטעלע און געזאָגט:

— דאָס איז פאר דיר ניט אינטערעסאנט, און איך וועל דאָס איבערלייענען דער מאמען,— ער האָט צוריק אָנגעטאָן דאָס היטל אפן קאָפּ,— זי ארבעט אף דער פערמע

עס איז געווען ניט ווייט, ביז איך מיטגעגאנגען. מיר איז טשיקאווע געווען צו זען, וואָס דערפון וועט ארויסקומען.

אָט איז די פערמע. און אָט איז די שטאל. אף דער שטאל איז אָנגעשריבן: „ארייַנגאנג פאר פרעמדע פארבאָטן".

אָבער וואָס זיינען מיר פאר פרעמדע, אויב פעדיעס מאמע איז דאָרט א מעלקערן?

אינמיטן איז א ברייטער דורכגאנג, און פון ביידע זייטן— בונטע בעהיימישע רוקנס. די מעלקערנס, אין כאלאטן, זיצן לעם די בעהיימעס, און דאָס מילך אין די עמערס— טצצצ... טצצצ...

— מאמע!— איז צוגעלאָפן פעדיע.

— שפעטער! שפעטער!— האָט אים אָפּגעשטויסן אקולינא פעטראָוונא— זעסט, די „פעסטראכע" איז א נערוועזע, זי וועט געבן ווייניקער מילך!

און ווידער דאָס מילך — טצצצ... טצצצצ...

דערווײַל האָט פּעדיע באַטראַכט „פּעסטראַכעס" אײַטער, ווי אַן עמעסער זאָאָטעכניקער.

— מאַמע! — האָט ער ענדלעך געזאָגט פֿײַערלעך — איך וועל דיך אויסלערנען! מע דאַרף שמירן מיט אַזאַ זאַך... ווי רופֿט מען דאָס... וואַ־זע... וואַזעלין.

אַקולינאַ פּעטראָוונאַ האָט אָנגעקוקט איר זון:

— אַ דאַנק פֿאַר דער לערע, מײַן קינד, — זי האָט אַ שמייכל געטאָן, — מער ניט, וואָס מיר ווייסן שוין דאָס לאַנג. אָפּ די קורסן אין קאַראַטשיכע האָט מען נאָך אונדז אַזוי געלערנט.

פּעדיע איז אין פֿאַרלעגנהייט אַנשוויגן געוואָרן. ער האָט אַ ווײַלע געגלעט פּעסטראַכען בײַ דער זײַט, און גלײַך האָט ער זיך געכאַפּט:

— זעסט דאָך: דו ווייסט און דו שמירסט ניט.

— אַזוי קלוג, ווי דו, בין איך אויך, מײַן קינד, — האָט זיך פֿאַרענטפֿערט אַקולינאַ פּעטראָוונאַ, איבערגייענדיק מיטן עמער צו אַ צווייטער קו, — עס קאָן דען קלעקן? אין אַפּטייק גיט מען צו איין סלויִקל, און איך האָב עלף שטיק אָפּ מײַן קאָפּ. מע קאָן ניט לויפֿן אַלע טאָג אין שטאָט.

— צו איין סלויִקל? — פּעדיע האָט זיך פֿאַרטראַכט.

— פּלאָנטער זיך ניט אונטער די פֿיס, — האָט געבעטן אַקולינאַ פּעטראָוונאַ און אַ זאָג געטאָן צו דער קו: — גיב זיך נאָר אַ רוק אַ ביסל, מילקע!

אָפּ מאָרגן האָב איך דרינגענד געמוזט [illegible] שטאָט

און האָב זיך אָװעקגעלאָזט אַפֿן װעלאָסיפּעד. אַפֿן בריק האָב איך אַריבערגעיאָגט די טשערעדע, דערנאָך אַ גאַנצע קאָמפּאַניע אונדזערע יאַטן — ערגעץ האָט זיי געפֿירט פֿעדיע, דערנאָך דעם פּאָרזיצער — אַפֿן װעלאָסיפּעד איז גיך!

ספּראַװעט זיך מיט מײַן אַרבעט, האָב איך זיך דערמאָנט װעגן אַקולינאַ פּעטראָװנאַ: לאָמיך נאָר אַרײַנגיין אין אַפּטייק, טראַכט איך, נאָך אַ סלױיִקל װאַזעלין פֿאַר איר — איך פֿאַר סײַװי פֿאַרבײַ.

אין אַפּטייק האָב איך זיך אָנגעשטויסן אָפּ אַ גאַנצער ריי, אַ לאַנגער און אַ געדיכטער. איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען: װאָס טוט זיך דאָ? װי קומט אין אַפּטייק אַ ריי? צי דען זײַנען טאַקע אַזוי פֿיל קראַנקע אין שטאָט? איך גיב זיך אַ קער צו דער ריי און דערקען אַלע אונדזערע יאַטלעך, און פֿון פֿאָרנט איז פֿעדיע. איינער נאָכן אַנדערן שפּאַרן זיי אין קאַסע זייער קליינגעלט און יעדערער כאַזערט איבער איינע און די זעלבע זאַך, אָט פּונקט טאַקע װי די פּאַפּוגײַען:

— אַ סלױיִקל װאַזעלין!

— אַ סלױיִקל װאַזעלין!

— אַ סלױיִקל װאַזעלין!

# פיקאָר מ. גינצבורג

לאָמיך גאָר גײן שרײַבן אין גאָרטן, עפּשער װעט מיך מישקע דאָרט ניט געפינען. עס איז דערגאַנגען דערצו, אז ער שטערט מיר ארבעטן — אָט װי מיר האָבן זיך מיט אים באפרײַנדעט!

אין גאָרטן בליִען די קאַרשנביימער. זײ זײַנען פאַר־שאָטן, װי מיט שנײ. עס דאַכט זיך, דער װינטער האָט זיך אומגעקערט.

בליטן פאלן אפן העפט, זײ קלעפּן זיך צום טינט. קײַ־קעלעך ליכט, װי גאָלדענע רובלס, ליגן אפ[illegible] זאפיר. אמאָל זעצט זיך אפ אזא גאָלדענעם „רובל" א ש[illegible]רלינג, זײַנע פלאטערנדיקע פליגל הייבן זיך צו ל[illegible] א גרינקײַט. געשעפטלעך הודזשען די בינען, די בינען זײַנען פאַרנו־מען מיט דער „פאַרגרײט־קאַמפּאַניע". עס איז שטיל, עס הערט זיך, װי די פעדער אײַלט איבערן פּאַפּיר...

אָבער ניט לאַנג דױערט די שטילקײַט, און אָט קלינגט שױן איבער מיר מישעס קאָל, װי א גלעקעלע:

— און איך זוך דיך... אָט װוּהין דו האָסט זיך פאַרטליבן!

צווישן די ביימער גיט א בלאנק מישקעס ווײַס העמדל.
אין די הענט: וויגט זיך בא אים א לאנגע ווענדקע.

— קום כאפן פיש. זעסט, ס'ארא ווענדקע איך האָב זיך געמאכט!

ער האָט גאָר קיין געדולד ניט:

— קום גיכער! — רײַסט ער מיך פארן ארבל.

ער איז געקומען צו לויפן צו מיר פון שטעטל, עפּשער א קילאָמעטער איז ער געלאָפן, און איצט וויל ער ווייטער לויפן — עס יאָגט אים דער אימפּעט.

מיט דער ווענדקע האָט ער פארטשעפּעט פאר א צווײַגל, בליטן האָבן זיך א שאָט געטאָן, ווי א רעגן, די „רובלס" האָבן אָנגעהויבן אומלויפן איבערן פּאפּיר־זײַטל.

— ווען זשע וועל איך שרײַבן? — האָב איך אומצופרידן געפרעגט.

— שרײַב ניט! קעסיידער שרײַבסטו. וואָס ביסטו, א כעזשבנ־פירער?

מע קאָן דען אזוי ארבעטן? איך פארמאך דאָס העפט, און מיר גייען צום טײַך.

מישקע רעדט וועגן מײַן שרײַבן אויך גייענדיק. מײַן שרײַבן שטערט אים, ער קאָן מיך ניט האָבן אזוי פרײַ, ווי ער וואָלט וועלן, ער וויל מיך אינגאנצן אָפּרײַדן פון שרײַבן. ער זאָגט:

— איך ווייס ניט, וואָס האָסטו פאר אן אינטערעס: קעסיידער נאָר שרײַבן! עס קאָן דאָך דערעסן ווערן.

— אז מע שרײַבט אינטערעסאַנטע זאכן, ווערט ניט דערעסן. אָט פּרוּוו אויך! — זאָג איך אים אומיסטן.

— איך ווייס גאָר ניט, ווי אַזוי מע נעמט זיך דערצו.

איך זע, אז ער לאָזט זיך ריידן, נעם איך אים אונטערהיצן:

— מע נעמט א זאך, וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט, און מע שרײַבט אָן.

— וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט, איז דאָך קיין קונץ ניט.

— אָט, אדעראבע, — זאָג איך צו אים, — אָט נעם און ווײַז טאקע דעם ניט קיין קונץ!..

אפּ מאָרגן איז מישקע ווידער בא מיר אין גאָרטן. ער שפּארט מיר אין האנט א בלעטל פארשריבענע פּאַפּיר:

— אָט קאָנסטו לייענען. אָט דאָס האָט מיט מיר פּאַסירט.

דאָס איז געווען א בלעטל א געווירעטס, ארויסגעריסן פון א העפט. מיט גרויסע קײַלעכיקע אויסיעס איז געווען אָנגעשריבן גאנץ ריין. מישקע האָט געהאט א גוטע האנטשריפט. איך האָב איבערגעלייענט:

„איך שרײַב פון מײַן באָבען ווי זי איז ארײַנגעלאָפן אין שטוב און שרײַט א נעס א נעס, א מענטש פון הימל. אלע לויפן קוקן איך לויף אויך קוקן — ערשט דאָס איז א שפּרינגער מיט א פּאראשיוט געשפּרונגען און ארײַנגעשפּרונגען פּונקט אין אונדזער גאס. און אלע לאכן פון דער באָבען און דער שפּרינגער לאכט און אלע און מער ווייס איך ניט וואָס צו שרײַבן — מ. גינצבורג".

איך האָב איבערגעלייענט די געשיכטע און האָב זי דעם זעלבן טאָג אָפּגעשיקט אין א קינדער-צײַטונג. איך בין מיט מישקען די בעסטע גוטע פרײַנט, אָבער אים האָב איך קיין זאַך ניט דערציילט.

איך מיט מישקען פארברענגען אינאיינעם די זומערדיקע טעג.

אין איינעם אזא טאָג איז אָנגעקומען א נומער פון דער קינדער־צײַטונג. איך גיב זי אָנ־עפן אף דער צווייטער זײַט און גלײַך לייען איך:

„דער נעס פון הימל. איך שרײַב פון מיין באָבען"... און אזוי ווײַטער אלץ קימאט וואָרט אין וואָרט. אונטערגע־שריבן: פיקאָר מ. גינצבורג.

איך וואַרט אף מישקען. און אָט איז ער געקומען צו־לויפן, דער כאווער מ. גינצבורג.

— קום צום טײַכל! גיכער!

— גוט — זאָג איך, — צום טײַכל וועלן מיר גיין. אָבער גיב פריער א לייען. דאָ איז אָפּגעדרוקט אַן אינטערעסאַנ־טע זאַך.

מישקע באטראכט אין צײַטונג די צייכענונגען, ער באַ־טראכט רויִק די ארטיקלען, ער לייענט די קעפּלעך, קערט איבער די צײַטונג אף דער צווייטער זײַט. איך קוק אף אים און טראכט: וועט׳ס דען ניט ווירקן?

און דאָ האָט זיך מישקע צעקלונגען מיט זײַן גלעקל:

— זע נאָר, אָפּגעדרוקט! מײַן געשיכטע אָפּגעדרוקט.

ער שפּרינגט פאר פרייד:

— אַס איך אַס אָפּגעדרוקט, פּונקט ווי איך האָב אָנגע־שריבן!

ער טומלט, ער שרײַט, ער זינגט, ענדלעך אנטלויפט ער צוריק אין שטעטל אַרײַן, אפילע ניט געזעגנט זיך... איך ווייס: ער לויפט באַרימען זיך פאַר די כאַווײרים.

אפ מאָרגן אינדערפרי — ער איז ניטאָ, באַטאָג — ער איז ניטאָ. מיר איז געוואָרן טשיקאַווע, איך גיי שוין אַליין צו מישקען אין שטעטל: וואָס טוט זיך מיט אים? איך גיי צו צו זײַן שטיבל. — ער וווינט סאַמע אָנהייב שטעטל, — איך קוק אַרײַן דורכן פענצטער:

— כאַווער מ. גינצבורג, איך בין געקומען אײַנלאַדן אײַך אפן טײַכל. דאָס טײַכל וואַרט!

און דורכן פענצטער רוק איך צו אים מײַן אייגענע ווענדקע.

מישקע הייבט אויף דעם קאָפּ, און איך זע אפ זײַנע ליפּן בלויע פלעקן. ער קוקט אפ מיר פאַרשעמט, אָבער שטאַרק ערנסט:

— איך וועל איצטער ניט גיין — זאָגט ער און טונקט אין מויל דעם כימישן בלײַפעדער, — איך וויל אָנשרײַבן מע זאָל נאָכאַמאָל אָפּדרוקן...

1 р. 50 к. 1 ר. 50 ק.

Я. ТАЙЦ

# НОВАЯ МАШИНА



Изд-во „Эмес“, Москва, 1935